# YUDISHE KSOVIM FUN A VAYTEN KOREV

Micah Joseph Berdichevsky

•



# יודישע כתבים

## פון א ווייטען קרוב

איבערגעגעבען צום דרוק על־ידי

מיכה יוסף בן גריון

(בערדיטשעווסקי)

נייע אויסגאבע

---

צווייטער טייל

# אומעטיגעס און הייטערעס

---

הוצאת אברהם יוסף שטיבל

# יודישע כתבים

## פון א ווייטען קרוב

איבערגעגעבען צום דרוק על־ידי
מיכה יוסף בִּן גריון

נייע אויסגאבע
אין זעקס ביכער

הוצאת אברהם יוסף שטיבל

II

# יודישע כתבים

## פון א ווייטען קרוב

צווייטער טייל

### אומעטיגעס און הייטערעס

בילדער/סצענען

בערלין תרפ"ד

# אינהאלט

## בילדער:



## סצענען און שפּילען:



*

# אַ וועלט מיט וועלטעלעך

אַ מעשה פון פּאַרציַיטען. דאָ הייבט זיך אָן צו דערציילען פון אַ גרויסען גביר און זיין טאָכטער. ווי סי ווייזט זיך אויס, איז דאָס אין לעבען פון׳ם מחבר אַביסעל נוגע. אינמיטען גיט ער אַ שטילען וויין.

סי איז געווען אַמאָל אַ שיין מיידעל, זי האָט געהייסען רחלע. זי איז געווען אַזוי שיין און אַזוי ליכטיג, אַז מי האָט ניט געקאָנט קוקען אין איהר פּנים אַריין, ווי אין דער זון. זי איז טאַקי געווען אַ בת־יחידה ביים גרויסען גביר אין שטאָט, וואָס ער האָט געהאַט אפשר ק״ן אלפים רענדלעך און נאָך אַ סך אוצרות. מי זאָגט, אַז ער האָט געהאַט אַ קעסטעלע, וואָס אַז מי האָט געגעבען אינדערפרי אין דעם אַ קוועטש אַף אַ קנעפּעל, איז אַרויסגעשפּרונגען אַ גאָלדען רענדעל, און אַזוי אילע טאָג. דאָס איז געווען אַ ברכה פון׳ם שפּאָלער זיידען זכרונו־לברכה דערפאַר, וואָס ער האָט איהם פּאַראַמאָל געגעבען טויזענד רענדלעך אַף פּדיון־שבוים. שלמה־וואָלף האָט ער געהייסען אָט דער גביר. געבוירען איז ער געווען אַזש פון יענער זייט קישינעוו, צי אין רומיניע. אַז ער איז אַלט געוואָרען זעכצען יאָר, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזען אין דער וועלט מיט אַ קליין רענצעל און מיט בטחון, און דאָס האָט טאַקי געבראַכט צו עשירות.

שלמה־וואָלף איז געווען אַ יוד פון אַ יאָר פופציג און האָט געהאַט נאָר אָט דאָס מיידעל. מיט יענעם וויַיב,

דאָס הייסט מיט דעם ערשטען, האָט ער ניט געהאַט, לאַ־עליכם, קיין קינדער, און איז מיט איהר אַרומגעפאָרען צו אַלע גוטע יורען און צו די גרויסע רופאים, וואו די וועלט האָט נאָר אַנ׳עק. עפּעס זאָגט מען, האָט זי געהאַט אַ טויט קינד. אַז מי שפּאַרט זיך איין קעגען דעם רבונו־של־עולם! דערפאַר איז זי געשטאָרבען אין דעם יאָר, און שלמה־וואָלף האָט געשענקט פאַר איהר נאָמען אַ אָרון־קודש מיט אַ עמוד און אַ נייעם באַלעמער אין שול אַריין, און אַ נר־תמיד, אַ קליין לעמפּעל פון גאָלע זילבער, ברענט אין אַ ווינקעל בייטאָג און בייניאַכט... סי זענען שוין אַוועק אַ סך יאָרען, זינט איך האָב געזעהן ברענען דאָס לעמפּעל, און עד־היום, אַז איך דערמאָן מיך אָן דעם, גיט מיר אַ צופּ אין האַרצען... עפּעס איז דאָך דער מענש אַ שטיק בעל־מחשבות, און וואָס מי לעבט מער, האָט מען מער אין אילעמען אַ קוק... פאַרוואָס האָט דער בורא די וועלט אַזוי באַשאַפען און דעם מענשען אַזוי געמאַכט, אַז דעם גוף לאָזט ער דאָ באַגראָבען און די נשמה נעמט ער אַהין? עפּעס זענען פאַראַן זאַכען, וואָס דער שכל קאָן דאָס גאָר ניט משיג זיין. איך זעה, איך בין ווייט פאַרקראָכען. - -

שלמה־וואָלף האָט אַזוי לאַנג געטרויערט אַף זיין אשת־נעורים, ביז ער האָט ווידער חתונה געהאַט און האָט גע־נומען אַ יונג ווייבעל פון גרויסען יחוס און אַ בת־בנים. איהר ויידע האָט זיך אָנגעקערט מיט׳ן רבין רב שמעלקע און אַליין איז זי געווען פון סירילקעוו, צי פון קאָרשעוו. דער עיקר איז, אַז ער האָט געהאַט מיט איהר אַ מיידעל נאָך אין

דעם אייגענעם יאָר. דערנאָך האָט ער שוין מער קיין קינדער ניט געהאַט, אָבער די איינע איז געווען אַזוי געראָטען און אַזוי מיט אַלע מעלות פון שיינקייט און פון גוטסקייט, וואָס מי זעהט דאָס גאָר ניט אין אַ האַלבער וועלט. עפּעס אַ קלייניקייט רחלע, רחלע די בת־מלכּה. יאָ, טאַקי די שרי־מלוכה אַליין וואָלטען זיך געקאָנט ווינשען צו האָבען אַזוינע קינדער. שלמה־וואָלף איז געווען איבערגליקליך פאַר דער מתּנה, וואָס גאָט האָט איהם געגעבען. רייכער איז ער געוואָרען פון טאָג צו טאָג, אַרום און אַרום האָט ער גערונגען אַלע מילען און גאָראַלניעס, אַ וואַלד האָט ער געהאַט אַף צוואַנציג יאָר, וואָס ער פלעגט פון איהם פאַר־רינען ממון־קורח. יורען האָבען אַרום איהם געלעבט און זענען געווען גליקליך. און אויך ווער סי האָט בּיי איהם גערינט, איז געווען פאַר זיך אַ שטיק פריץ, וואָרום ער האָט איטליכען געצאָלט ביד־רחבה. פון צדקה און מצוות איז נאָרניט צו רעדען. ראַכט זיך, ער איז רחוק פון גאוה, אָבער גרוים דרך־ארץ האָט מען פאַר איהם און אפילוּ גוים האָבען איהם אָבגעגעבען כּבוד! אַז גאָט העלפט אַ יורען, העלפט ער איהם אין אילעמען און גיט איהם הצלחה און אַלץ, וואָס דאָס האַרץ באַגערט. וואָס איז שייך? אַז סי וואָלט ניט געווען שלמה־וואָלף דער גביר מיט דעם גאַנצען קנאַק, וואָלט געווען פוסט אין דער גאַנצער שטאָט... אַפילוּ דער, וואָס סי געהט איהם ניט אַזוי גוט, האָט ראָך אַ שטיקעל התחזקות אין דעם, וואָס אַ יוד איז אַזוי געהויבען, אַז אַפילוּ דער ספּראַוווניק פאָרט צו איהם אַף טיי. יורען

האָבען פאַרט אַ כּוח, און אַפילוּ אַז זיי זענען אין גלות, זענען זיי פאַרט נושא־חן... אַף אונז אַלע געזאָגט געוואָרען, וואָס ער פלעגט צעטיילען נאָר אין איין יאָר. אַרויסגעד פאָרען איז ער אַף פיר שוואַרצע פערד, אַז סי האָט גע־ברענט; דער קוטשער איז געווען אָנגעטון אין רויטען און האָט געהאַט אַ בייטש מיט אַ זילבערנעם קנעפּעל. מ׳ זאָגט, אַז ווען דער גובערנאַטאָר אַליין איז געפאָרען ...ון ראַשעוו קיין אומאַן, האָט מען בּיי שלמה־וואָלפן געבאָרגט די קאַרעטע. מ׳ זאָגט, סי איז אַמאָל אַראָבגעקומען אַ מאַר־שאַל, האָט איהם שלמה־וואָלף פאַרבעטען צו זיך און האָט מיט איהם גערעדט מכּוח אַ גרויסען ענין. אָט דאָ האָט זיך שלמה־וואָלפן פאַרגלוסט צו האָבען אַ שלאָס. דער פּריץ פון שטאָט, וואָס איז קיינמאָל ניט געווען אינדערהיים, האָט זיך פאַרהוליעט און האָט געמוזט פאַרקויפען די אימעניע. עפּעס יענער, וואָס האָט דאָס געקויפט, איז געווען אַ גרעק, אַ האַלבער משוגענער און האָט זיך אָנגעהויבען צו קריגען מיט דער שטאָט. וואָס־זשע טוט שלמה־וואָלף? ער פאָרט אַריבער קיין אַדעס און דינגט בּיי איהם אָב די אימעניע מיט׳ן שלאָס מיט כּל־ולך אַף ניינאונניינציג יאָר... דאָס הויז זיינס האָט ער אַוועקגעשענקט דער שטאָט צו מאַכען דערפון אַ שפּיטאָל, און ער אַליין האָט זיך אַריבערגעקליבען אין שלאָס אַריין. אַ יורישער שררה! דער רב פון שטאָט, אַז ער פלעגט געהן אַהינצו, פלעגט ער זיך אָנטון אין דער שבת־דיגער קאַפּאָטע אפילוּ אינדערוואָכען. דאָס שלאָס אַליין אָבצומאָלען מיט׳ן לאַנגען גאָרטען און מיט אילעמען קאָ

מען גאָר ניט מיט ווערטער. דער פּריץ, וואָס האָט דעם שלאָס פאַרקויפט, האָט איהם אויך ניט אַליין געבויט, דאָס האָט ער געירשענט פון אַ פעטער, וואָס פלעגט אַזוי אַרומפאָ־רען אין אַ זילבּערנער קאַרעטע; און אַז ער האָט זיך אַמאָל געוועט מיט נאָך אַ פּריץ, צו פאָרען אין אַ שליטען אינמיטען זומער, האָט מען אַף דריי וויאָרסט כסדר געשאָטען מעל־צוקער אַף אַ האַלבּען אַרשין די הויך. — ווייס ווי שנייי איז געוועזען דער שלאָס מיט אַ סך הויכע פענסטער, פון פאָרנט פון די פענסטער אָן איז אַלץ געווען געפלאַסטערט מיט גלאַטע שטיינער, און מי געהט אַרוף אַף ווייסע טרעפּ פון מאַרמאָר. דער גאָרטען איז אַן׳אמתער גן־ערן. וואָס זאָג איך אַ גאָרטען, — אַן׳אָנגאָראָר! קליינע טייכען זענען דאָרט פאַראַן און פיש, וואָס שווימען אויבען אַרום און פּאַטשען זיך. וואָס מי געהט ווייטער, איז אַלץ ווי אין אַ חלום... אַז איך האָב מיך דאָרט פאַרגנבעט דאָס ערשטע מאָל, בין איך געוועזען ווי פאַרכישופט, אַזוי שטיל איז דאָרט געוועזען אינמיטען העלען טאָג. דאָ הער איך גאָר שפּילען; מיר דאַכט זיך, אַז דאָס שפּיל קומט פון יענער זייט וואַסער. — מי קאָן דאָס גאָר ניט אויסמאָלען. דער מענש האָט נאָר איין נשמה, אָבער סטרונעס זענען פאַראַן אין איהר אַ סך... איך האָב אַמאָל געלייענט וועגען אַ בן־מלך, וואָס איז פאַרבלאָנדזעט געוואָרען אין אַ טיפען וואַלד, און אַז ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אַף אַ קלאָץ פון אַן׳אַלטען בוים, איז צונעפלויגען אַ גאָלדענע נאַנרז און האָט אָנגעהויבען מיט איהם צו רעדען... מיין מאַמע, עליה־השלום, האָט

געקענט דערציילען אַ סך אַזעלכע מעשיות! — אַז איך בין גע־
ווען אַ קליין ינגעל, האָט מיך דער טאַטע מיינער געגומען ביי
ביידע אויערן און האָט מיך אַריינגעפירט אין דער תּורה־
הקדושה און האָט מיר געגעבען אַ ספרל, וואָס סי שטעהט
אין איהם געשריבען פון גן־ערן־התחתון מיט די גאָלדענע
ברונענס, מיט די טייכען בוימעל. עפּעס זינגען מלאָכים
אַ מין שירה, וואָס סי איז גאָר ניט פאַר אַ ילוד־אשה. אַלץ,
וואָס איך האָב היינט אין מיר, — איך, אַ יוד אָהן באָר־
און פּאות, און וויט אינדערפרעמדר, אצל עם־לא־ידעת־
לשונו, — קומט אַלץ פון דאָרט, פון דער מאַמען און פון
דעם טאַטען, און וואָס זיי האָבען מיר אַלץ דערציילט...
אַ הולטאַי בין איך, אַז איך האָב דאָס אַוועקגעוואָרפען
און בין געוואָרען אַ גוי... מילא, דאָס בין איך ניט אויסען.
— איך האָב דאָ נאָר אָנגעהויבען צו דערציילען די מעשה
פון דער שיינער רחלע, אָבער אַזוי פאַרפּלאָפּעלט מען זיך,
אַז מי קומט אין רעדען...

רחלע איז געווען איינע פון יענע נשמות, וואָס בלאָנדזען
אַרום ביי אונז פון גאַנץ לאַנגע דורות, אפשר נאָך פון
שלמה־המלכס צייטען. אַז די מקובלים זאָגען: „איתפשטותא
דמשה בכל דור", מיינען זיי, אַז אַ פונק פון משה־רבינוס
גרויסער נשמה איז דאָ אין איטליכען דור. ניט נאָר די
תּורה געהט איבער פון האַנד צו האַנד, פון איין דור צום
אַנדערען און ריכט מיט אונז צוזאַמען אָב גלות... נאָר אויך
אַ טייל פון יענע נשמות פון דער גאָלדענער צייט, וואָס
יעדער יוד איז נאָך געזעסען אונטער זיין פייגענבוים און

אונטער זיין ווייגשטאָק, ווערען מגולגל און לייכטען אין דעם עולם, ווי איינצעלנע שטערען אין אַ שטילער נאַכט. אַ יודיש מיידעל מיט דער נשמה פון אַ מלכות, טאַקי פון די אמתע בנות־ירושלים. סי איז אַ סך צו דערציילען!

אַוודאַי האָט מען מיט איהר געטון דעם גרויסען שידוך מיט דעם ריזשענערס אַנ'אייגען אייניקעל. אויך גוטע יורען האָבען אין זיך אַ כח און זייערע נשמות וויסען אויך פון פאַרשידענע דורות. דער ריזשענער אַליין פלעגט דער־ציילען, אַז ער איז שוין דאָ אַף דער וועלט צום דריטען מאָל. צוערשט האָט ער געלעבט אין אחיה־השילונים צייטען; ער האָט שוין אָבער כמעט אַלץ פאַרגעסען און געדענקט נאָר עפּעס ווי פונ'ם שלאָף; צום צווייטען מאָל איז ער געווען פון די פרחי־כהונה און ער געדענקט נאָך ווי היינט איטליכס סטעשקעלע אין דער הייליגער שטאָט ירושלים... אַז אַ יוד, אפילו דער גרעסטער גביר, וואָס ער געהערט ניט צו אָט דער פאָן, דערלאַנגט צו אַזאַ יחוס, איז מען אַוודאַי ביי זיך געהויבען און מי עפענט די האַנד זעהר ברייט. וואָס שלמה־וואָלף האָט צעטיילט יענעם טאָג אַף צדקה, וואָלט מען דערמיט געקאָנט אויסבויען אַ שול. צום קנסענמאָל האָט מען געקוילעט אָקסען און שאָף און רינדער. פרהצורן האָט מען אַראָבגעבראַכט פון בערדיטשעוו, ווי אַף דער גרעסטער חתונה פון דער וועלט! טייכען ווין האָבען זיך געגאָסען. און אַכט טאָג און אַכט נעכט האָבען יורען געהוליעט אין די גאַסען. אַפילו די גוים האָבען געשיכורט. איטליכער, וואָס איז נאָר געקומען, האָט זיך אָנגעשטאָפּט פול די קעשענעם

און האָט מיטגענומען אַהיים פון אַלדעס גוטס לדור־דורות. עפּעס אַ קלייניקייט אַזאַ גרולה, וואָס מי דערלעבט דאָס אפשר איינמאָל אין הונדערט יאָר! אַפּ'ן אַכטען טאָג האָט שלמה־וואָלף געשענקט אַלע יורען דעם טשינש, צוגעזאָגט איטליכען צו געבען פלאַץ, וואָס וויל נאָר בויען. אויס־גערופען האָט מען: כל־צמא־ייתי־וישתה! פון אַלע שטעטלעך אַרום זענען געקומען אָרימע לייט און האָבען גאָרניט צוגע־לעגט. ראַשעוו האָט געזעהן טעג, וואָס מי ועט זיי שוין קיינמאָל ניט זעהען. —

נ אָ ר מ י ר אַליין, וואָס איך דערציייל אייך דאָ די ראָזיגע מעשה, האָט שטאַרק געצויגען דאָס האַרץ... בין איך דאָך אויך אַ רבס אַ זון. געטראַכט האָב איך בייַ זיך, וואָס וואָלט געווען, אַז איך אַליין בין דער בן־מלך און קום אַף אַ בּאַרג און דערזעה די בת־מלכה... אַז סי איז געקומען די לעצטע וואָך פון געזעגענען זיך און פרהצור האָט געשפּילט און איך בין אַרופגעקראָכען אַפּ'ן מויער, וואָרום פאַר אַ יונגעל 'אין מיינע יאָרען האָט ניט געפּאַסט צו געהן אַף חתונות, זענען מיר די טרערען אַריין אין די אויגען. פאַרוואָס לעב איך ניט אין אַלכּסנדר מוקדונס צייטען, צי אפילו אין די צייטען פון די מלכי־פרס? — סי איז מיר פאַרגעקומען, אַז אין שושן איז ניט ווי אין ראַשעוו, און איך האָב מיר אויסגעמאָלט, ווי וואָלט עס געווען, אַז איך וואָלט געגאַנגען אָנגעטון אין רויטען און רחלע וואָלט גאָר מיך גענומען... פון דעמאָלט אָן איז מיר אַריין אַ מרה־שחורה אַף אייביגע צייטען.

רחלע האָט חתונה געהאַט, זיך געבאָרען אין מילך און אין האָניג, געהאַט אַ קינד און נאָך אין דעם יאָר צוגענומען געוואָרען פון דער וועלט, וואָרום די וועלט האָט צו איהר ניט זוכה־געווען... פאַרשטעהט זיך, אַז דער זיירענער יונגערמאַנטשיק האָט נאָכדעם חתונה געהאַט מיט אַנ׳אַנדערער. ער לעבט נאָך און איז אַ גביר און אַ רב אינאיינעם. איך וויל אַף איהם ניט רעדען, אָבער מי זאָגט, אַז די אַנדערע רביצין האָט ביי איהם אויך ניט קיין גוט לעבען. —

און רחלע האָט זיך מיר געחלומט און געחלומט נאָך אַ סך יאָרען און היינט נאָך... אַזוינס טראָגט מען שטענדיג אין זיך אַרום, אפילו ווען מי געהט אין עק וועלט. וואָס איז פון מיר געוואָרען, האָט זיך דער לעזער שוין דערוואוסט. סי איז אַ וועלט מיט וועלטעלעך! —



# אַראָב פון זינען

אין אַ קליין שטעטעל האָט געלעבט אַנ׳אַלמנה, וואָס מי האָט זי גערופען חוה. דאָס איז געווען אַ לייטישע יורענע מיט אַ גוט האַרץ און געבליבען איז איהר פון איהר מאַן אַ קליין הויז, וואָס דאָרט האָט זי געוואוינט מיט איהר איינציגער טאָכטער יוכבר אין אַ הינטערשטיבעל; די פערערשטע זייט האָט זי פאַררונגען און האָט פון דעם געהאַט חיונה אפילו ניט ברווח, אָבער מי האָט געהאַט דאָס שטיקעל ברויט און מי האָט נאָך דערפאַר געדאַנקט גאָט. חוה האָט געהאַלטען שטאַרק פון ראַווענען, אָבער דאָס איז ביי איהר ניט געווען מיט אַ גערודער אין שול, פאַר לייטען. ביי זיך אינדערהיים פלעגט זי זיך אַנידערזעצען ביים פענ־סטער, — בשעת זי האָט שוין געהאַט אופגערוימט די שטוב און אָבגעקאָכט דעם אָנבייסען און יוכבדל האָט גענומען אַנ׳אַרבעט, אַ נעהעכץ צי אַ שטריקעכץ, — און פלעגט ראַווענען שטיל פון איהר ,קרבן־מנחה׳, אין דעם גרויסען ווייבערשען סידור פון אַ סך דורות האַלב אַף לשון־קודש האַלב אַף יודיש, און דאָס יודישע פאַרשטעהט מען גוט און אַז מי קומט צו אַ זאַך וואָס טוט אַ צופּ, גיט מען מניהה־

ובּיה אַ וויין... דאָרט אויבען איז גאָט דער אַלמעכטיגער, וואָס טראַכט וועגען דער גאָרער וועלט און ער האָט אויסגע־קליבען זיין פאָלק ישראל, וואָס איז אין גלות; און יודען דאַרפען האָבען ישועות און נחמות אין אַלע צייטען. דאָס הערט זיך אַרויס הן פון דער שמונה־עשרה, הן פון אשרי, הן פון די ברכות. און פאַר זיך איז אויך דאָ צו בעטען, האָט מען דאָך אַ טאָכטער אַנ׳איינאיינציגע און מיט אַ מייד־דעל איז דאָס שווער, איהר ווייסט. יוכבר איז געווען אַ גע־ראָטענע מיט דעם מזג פון איהר מוטער, וואָס איז נאָך געווען פון דעם אַלטען פרומען דור, און מיט אַ צוגאָב פון יענע צייטען, ווען יודען האָבען נאָך געלעבט אין זייער איינגען לאַנד. קיינמאָל האָט זי ניט געטאָן אַ זאַך, וואָס וואָלט גע־קאָנט פאַרשאַפען איהר מוטער עגמת־נפש, און אַזוי האָבען זיי געלעבט אין שלום־ושלוה אַ סך יאָרען אין דעם ריינען ציכטיגען שטיבעל.

אָבער דאָ איז אויסגעבראָכען אין שטאָט אַ גרויסע שריפה און סי זענען אָבגעבּרענט געוואָרען אַ סך הייזער און דאָס הויז פון חוה׳ן אויך. האָט מען אָנגעהויבען צו קלייבען זיך אין שכנות און וואוינען אין אַנ׳אַלקער בּיי יענעם, וואָס מי מוז מיט דער בעל־בּיתטע קאָכען בּיי איין אויווען און זיך לאָזען אַריינקוקען אין די טעפּ. און דאָס איז ניט קיין גרויסער נחת־רוח פאַר אַ מענשען, וואָס האָט שוין געהאַט זיין אייגענעם ווינקעל. דו גאָט, דו בּאַרמהערציגער, וואָס האָסט דו געהאַט צו אַנ׳אַלמנה און פאַרוואָס האָסט דו פון איהר אַוועקגענומען איהרס? תּחילת האָט מען געוואוינט

ביי שימענקען, אַ יורענע אַ מרשעת מיט אַנ׳אָפענעם מויל; דערנאָך, אַז מי קאָן דאָס שוין גאָרניט מער אויסהאַלטען, קלייבט מען זיך אַריבער צו יענטע־דניאלס, וואָס קריגען קריגט זי זיך אפילו ניט, אָבער זי גנבעט פון די הענר. אין שכנות איז די עשירות ניט אַזוי גרויס, און אַז מי שניידט אָב דאָס בעסטע פון אַ שטיק פלייש, וואָס האָט געקאָסט אַ גילדען, טוט דאָס טאַקי ווי אין האַרצען.

אין דעם דריטען אַלקער, ביי יוחנן מיכאלס, האָט זיך אָנגעהויבען אַנ׳אַנדער צרה. זענען טאַקי יוחנן און זיין ווייב כלומפערשט לייטיש, העלפט גאָט, אַז זיי האָבען אַ בחור אַ לייריגעהער מיט׳ן נאָמען שמואל, און ער קריכט צופיל אין אַלקער אַריין, און מי באַדאַרף ניט צו האָבען קיין גרויסע חריפות, כדי צו טרעפען פאַרוואָס. אַוודאַי איז איהם יוכבר גוט געפעלען; און דווקא ווייל זי האָט פון איהם ניט געהאַלטען און האָט איהם ניט געלאָזען זיך צוצורירען צו איהר, איז ער געווען ניט אַוועקצוטרייבען און האָט תמיד געקוקט אַף איהר מיט אַ פּאָר אויגען, ווי ווען ער וואָלט געוואָלט זי אופעסען.

און האָט מען געפּרובט אריינצוקלייבען זיך אין אַ פערטען אַלקער גאָר אין אַנ׳אַנדער גאַס, האָט ער אַהין אויך גע־טראָפען. יוכבר האָט גאָרניט געטאָרט מער אַרויסנעהן אַפ׳ן גאַס איינע אַליין: אונזער בחור לויפט איהר נאָך און ער שעמט זיך גאָרניט.

און דאָ מיטאַמאָל געהען אַרום אין שטאָט שלאַפקייטען. צוערשט וואַרגען זיי קליינע קינדער, וואָס האָבען אַף זיך נאָך

ניט קיין פעקלעך פון תּורה און מעשים־טובים, דערנאָך נעמען זיי זיך צו עלטערע. דו קענסט דעם גאַנצען זומער הוסטען, אַז סי שטעכט אין יעדער ריפּ און וואַרמסט זיך אָן דער זון, ווינטער אָבער ביסט דו זיך מישב און טוסט אַ שטאַרב. יודישע קינדער, שטאַרבען איז אַ ביטערע זאַך, חאָטשי סי איז דאָ תּחית־המתים און פון דעם שטעהט עס געשריבען.

אַזוי איז אונזער יוכבד שלאַף געוואָרען און טאַקי אַף דער אמתן. אָנגעהויבען האָט עס מיט אַ פאַרקילען אין האַלדז. האָט מען צוגעלעגט אַ טיכעל באַשמירט מיט אַ געלכעל פון אַנ'איי מיט זאַלץ, האָט דאָס אָנגעהויבען נאָך מער צו קראַצען און צו וואַרגען. יוכבד ליגט צוגערעקט מיט צוויי איבערבעטען און סי רינט פון איהר דער שוויס. אַ ריכטיגער דאָקטער איז אין שטאָט ניט פאַראַן, נאָר אַ האַלבער פעלשער, וואָס קען מער פאַר אַ טויטען, און דערצו איז ער נאָך טויב אַףביידע אויערן. ער הייסט איהר שמירען און איינגעמען קרייטעכצען און פון איטליכער רפואה ווערט אַלץ ערגער. די מאַמע זיצט אָב נעכט ביי דער טאָכטער. זי האַלט זיך איין פון צו וויינען, אָבער דער רבונו־של־עולם ווייסט איהר האַרץ און דעם מלאך רפאל שיקט ער פאָרט ניט.

און אונזער בחור שטעהט אַלץ פאַר דער טיר, און אַז סי געהט אַרויס אַ מענש, פרעגט ער וואָס מאַכט יוכבד. וואָלט ער ניט געווען קיין עם־הארץ און וואָלט ער געוואוסט פונ'ם פסוק והיתה נפשי תּחת נפשך, וואָלט ער ניט גע־מאַכט קיין שהיות און געזאָגט: נעמט מיך און לאָזט זי.

דאָ איז געקומען דער מלאך־המות אין אַ ווינדיגע נאַכט
און האָט אַוועקגענומען יוכבדן. אין דער קאַלטער נאַסער
ערד האָט מען זי באַגראָבן כאור־הבוקר.

שמואל איז אַראָב פונ׳ם זינען...



# די התחלה פון ראובעלע נאַטענזאָן

דער רין איז אַזוי, אַז אַ יור טוט אַ שירוך מיט אַ מיידעל פון פופצען יאָר און גיט איהר דרייהונדערט רענ־רלעך נדן, איז מסתּמא דער חתן אַ לערנער און מי האַלט איהם אַף קעסט, ביז ער וועט האָבען אַ פּאָר קינדערלעך, אַריינוואַקסען און ווערען אַ מענש... אין די ראָזינע יאָרען, וואָס מי טוט ניט פון דער האַנד אין אַ קוואָרט וואַסער און מי קריגט פון שווער און שווינער אפילו אַף געבען נרבות, לערנט מען אַביסעל חושן־משפּט און יורה־דעה און גמרא, מי איז יערען ראָנערשטיג די גאַנצע נאַכט אויף, און מי געהערט צו די פיינע יונגע לייטלעך פון שטאָט. זיך מישען אין דעם שווערס מסחרים, צי גלאַט אַזוי אין עניני־דעלמא, ליגט אַזוינעם אפילו נישט אין דער לינקער פּאה; צו וואָס זאָל מען נעמען באַצייטען אַף זיך דעם עול? און דער שווער האָט אויך גאָר קיין חשק נישט לאָזען דעם איידעם זיך מישען אין זיינע עסקים, וואָרום אַזאַ יונגעל, וואָס האָט קוים אַ חתימת־זקן, וואָס ווייסט ער אין וועלט־זאַכען? אַז מי וואָלט איהם געגעבען אין האַנד אַריין דאָס געלד, וואָס איז איינגעלענט אַף אַ שלישית, וואָלט ער דאָס גלייך צע־טרענצעלט... געהען אָבער אַוועק דריי־פיר יאָר נאָך דער

חתונה און מי האָט שוין עטליכע קינדערלעך, מוז מען ראָך אָנהייבען צו טראַכטען וועגען אַ תּכלית... די גאַנצע וועלט קאָנען דאָך ניט ווערען קיין רבנים. און אַזוי מוז דער יונגערמאַן פון בית־מדרש אָנהייבען טראַכטען צו ווערען אַ סוחר... די קשיה איז נאָר, מיט וואָס זאָל ער אָנהייבען האַנדלען: מיט שטעטינעס, צי מיט פעל, צי מיט לעדער, צי עפּענען אַ קראָם, צי דינגען אַ מיל? טראַכט אַהין, טראַכט אַהער, אַנ׳עצה האַלטען מיט׳ן שווער און מיט׳ן אייגענעם טאַטען. אַקיצור, אַז די גאַנצע משפּחה האַנדעלט מיט פּערערן, מוז ראובן יוסעלס איידעם, וואָס מיר שמועסען אַצינד פון איהם, אויך אָנהייבען האַנדלען דערמיט. פּערערן קויפט מען אויף אין לעטיטשעוו און אין דער סביבה, מ׳פּאַקט זיי איין אין זעק און מ׳פירט זיי אַוועק קיין בראָד אין דעם גרויסען מקום, וואָס דאָרט קריגט מען פאַר זיי דעם גוטען מקח, און מ׳קויפט דאָרט גופא איין וואָלוועל אַנדערע סחורות. אַוודאַי זענען אין לעטיטשעוו געווען גענוג סוחרים, וואָס האַנדלען מיט פּערערן, אָבער דערפון איז ניט גע־דרונגען, אַז ראובן זאָל ניט האַנדלען אויך דערמיט. אַז גאָט וויל העלפען, האָט ער פאַר אילעמען... אין אַ ביטעל, וואָס זיבען יורען זיצען שוין דרינען, קריך אַריין מיט די פּיס, און דאָס וואַסער ווערט נאָך פולער. — אַי וואָס, ראובן איז אין די ענינים נאָך נישט דער גרויסער בקי, שטעלט מען איהם צו דעם עלטערען איידעם, חיימען, וואָס איז שוין געניט אין דעם עסק. חיים איז אויך אָבגעזעסען זיינע קעסט, ווי ראובן, און האָט אויך געהאַט געלערנט,

ווי ער; און אַז ער איז געזעסען בײַ דער גמרא, האָט מען געמיינט, אָט דער וועט קיינמאָל נישט פאַרדינען קיין זעקסער, און אַצינד איז ער אויסגעקאָכט אין מסחר. דער עיקר איז בײַ אַ מענשען דער שכל: אַז אַ מענש האָט שכל און הייבט נאָר אָן צו פילען דעם טעם פון געלד און פון פאַרדינען, ווערט מען שוין ממילאָ אַ סוחר...

אַזוי האָט ראובן, צי ראובעלע, דער יונגסטער איידעם פון ר׳ב יוסלען, אַרויסגענומען דעם נדן און האָט אָנגעהויבען זיך מכין זיין צו ווערען סאַמאָסטאָיאַטעלני. — ראשית האָט ער גלייך אַוועקגעלעגט דאָס לערנען, און אַז ער האָט אָנגעהויבען ציילען דאָס נדן־געלד, וואָס מי האָט אַצינד אַרויסגענומען, האָט ער זיך באַלד געפרעגט, צי מי האָט איהם אַלץ אָבגעגעבען, וואָס מי האָט צוגעזאָגט, און האָט זיך גענומען קריגען מיט׳ן שווער... ר׳ב יוסלען האָט אפילו געהאַרט, אַז מי וויל פון איהם אַרויסקוועטשען נאָך געלד, אָבער אין האַרצען האָט ער בײַ זיך געטראַכט, אָט פון דעם וועט ווערען אַ לייט. און אַז זיין פעסי האָט איהם געמאַכט אַ בייזע שעה, פאַרוואָס ער לאָזט זיך אַזוינס זאָגען פון אַזעלכען, וואָס האָט געגעסען זייער ברויט און איז בסך־הכל אַ יונגעל, האָט ער זיך צו איהר אָנגערופען: פעסי, לאָז זיין; וואָלט דיר געווען מער ניחה, ער זאָל זיין אַ תמעוואַטער און ניט פאַרשטעהן קיין צורת־מטבע? איהר דאַרפט צו וויסען, אַז ר׳ב יוסעל האָט שוין אָנגעהויבען צו האָבען אין זינען זיך גאָר אויסטון פון די עסקים און אַלץ איבערגעבען די איידעמס; ער האָט נאָר געוואָלט,

אַז דער מסחר זאָל איבערגעהן אין גוטע הענד. אַז מי ווערט אַלט און מי פילט שוין אַ מיחוש, מוז מען אָנהייבען טראַכטען פון יענער וועלט...

*

נו איז געקומען די צייט, אַז ראובן זאָל פאָרען מיט חיימען אין וועג אַריין. צוויי וואָכען כסדר האָט מען זיך געגרייט. דאָס געלד האָט מען אויסגעביטען אַף האַלבע אימפּעריאַלען און איינגענעהט אין אַ לערערנעם גאַרטעל. דער שמועס איז געווען, אַז אַצינד זאָל ראובן נישט גלייך אָנהייבען קויפען פעדערן און מיט זיי פאָרען קיין בּראָד, ווי דער שטייגער איז; ניין, ער זאָל תחילת פאָרען מיט'ן מזומן־געלד און ראָרט זיך אָנהייבען אַרומקוקען... און אַז ער וועט דאָרט איינקויפען סחורה, וועט ער דאָ מאַכע־חילופים מיט פעדערן. נישקשה, חיים וועט שוין פאַר־שטעהן, וואוהין ער זאָל איהם פירען; און ראובן אַליין וועט ערשט עפענען אַ פּאָר אויגען, אַז ער וועט קומען אין דער גרויסער שטאָט בּראָד און וועט זיך צונויפקומען מיט הונדערטער מענשען און וועט דערזעהן אַ וועלט, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזעהן, הן אין לעטיטשעוו, וואו ער איז אַצינד, והן אין חמעלניק בּיי זיין טאַטען.

חיים, אָדער ווי מי האָט איהם אופגערופען צו דער תּורה חיים־מאיר, איז געווען דער גרויסער מושלם אין האַנדלען און בּריעבער אויך אַ שטיק פלוט און האָט קיינמאָל נישט געוואוסט, וואו ער האַלט. דער מסחר איז געווען זיין חיות און זיין נשמה. סי איז אַ וועלט, מי גיט, מי נעמט, מי

קויפט, מי פאַרקויפט! ראָס שיקט מען אַהין, ראָס קומט אָן פון ראָרטען. פון אומעטום נעמט מען שלישית־געלר... רערוויל איז ראָס אַ שטוב מיט קינרער קיין עין־הרע, אַ קימפּעט, אַ ברית, אַנ׳אַם. סי קומט צו פאָרען אַ ברורער און סי איז פּלאַטשיק מיט איהם, מוז מען איהם אַ ביסעל העלפען. רערוויל גיט ער זיך אַ טאַפּ, האָט ער פאַר־לוירען אַ וויכטיג כתיבה׳לע. און ראָ קומט איהם פאָר, אַז ער טוט צו וועניג, אַז ער מוז אָנהייבען צו זוכען נייע עסקים... מיטאַמאָל רערמאָנט ער זיך, אַז איינער האָט איהם ניט באַצאָלט און ער ווייסט אַליין נישט, וויפיל יענער איז איהם שולריג.

נו פאָרט ער אַצינר מיט׳ן ינגערען שוואָגער אינאיינעם קיין בראָר, און מי פירט מיט זיך אַ אפּוֹתיקאַ; און ראָרטען מעט זיך אָנהייבען צו רערייען אַ נייע מעשה: מי וועט קויפען לערער און זיירענס. צאָלען וועט מען די העלפט און ראָס איבעריגע וועט זיין אַף זעקס חרשים. ראָס אַנרערע געלר בלייבט ביי איהם, און מניה־וביה האָט ער פאַרשטאָפּט אַ סך לעכער. הכלל, פריש און לעבעריג, ראָס ראָר רריימ זיך!

וואָס־זשע טוט גאָט? מוז חיים אין רער פערטער קרעטשמע ווערען קראַנק. אַפּנים ער האָט זיך פאַרקילט. מי בלייבט נעכטיגען. אינרערפרי איז איהם נאָך ערגער און מי מוז נעבעך פאָרען צוריק אַהיים... אַוואַי וויל חיים, אַז ראובן זאָל אויך פאָרען צוריק. וואָס איז שייך, ווי לאָזט מען ראובנען אַליין? עפּעס האָט ער ראָך גענומען אַף זיך

די אַחריות... אָבער ראובן האָט זיך איינגעשפּאַרט, ער פאָרט אַליין ווייטער. חיימען איז אפילו געווען פריקרע איהם צו לאָזען; אָבער ער האָט געזעהן, אַז ער האָט צו טון מיט אַנ'עקשן און סי וועט איהם גאָרנישט העלפען; און דער איינענער געזונט איז פאָרט טייערער, האָט ער זיך געזעגענט מיט איהם און איז געפאָרען צוריק קיין לעטיטשעוו.

ראובן איז געבליבען אַליין און האָט אָנגעהויבען צו פילען דעם טעם פון דעם, וואָס הייסט זיין אַ איינענער בעל־הבית און האָט באַלד געהייסען רערלאַנגען זיך דעם סאַמאָוואַר... עפּעס האָט ער געהאַט הנאה פון דעם עצם הייסען, און אַז סי איז נישט געווען צו דער מינוט, האָט ער זיך אָנגעהויבען צו בייזערן. ער האָט געקוועלט זעהענדיג, ווי אין יעדער גייער קרעטשמע קריכט מען איהם אונטער די נענעל און מי טראָגט איהם אַלץ אונטער. אַז ער פלעגט אַריינטון צוקער אין גלאָז טיי און אָנברעכען דעם בייגעל, איז איהם פאָרגעקומען, אַז ער האָט שוין לאַנג געמאַכט עסקים און וועט נישט בטול ווערען פאַר קיינעמען... פאַרקערט, האָט ער צו זיך געזאָגט, איך מוז ווערען דער ערשטער סוחר פון לעטיטשעוו. אַפּ'ן וועג האָט ער אָנגעהויבען צו טראַכטען וועגען דעם שווער זיינעם און חיימען און וועגען דעם גביר פון לעטיטשעוו און וועגען די אַנדערע גרויסע סוחרים, וואָס פאַר אַ טבע סי האָט דער און יענער, און ווי אַזוי מי קומט צו אַ גרויסען מעמד. עפּעס איז איהם דאָס גאַנצע זיצען ביים שווער און זיך לאָזען בעטען יעדען אינדערפרי, ער זאָל נעמען דאָס ביסעל קאַווע, צי די ציקאָריע, פאָרגע־

קומען מעשה־ינגעל. און ווי ער זיצט זיך אַצינד איינגע־
וויקעלט אין בורקע און דער גוי אַף דער קעלניע טרייבט
די פערד און פליט דורך די ווייטע פעלדער, פילט ער,
אַז ער איז טאַקי אַן׳אַנדער מענש! און דער קוראַזש
זיינער וואַקסט פון מינוט צו מינוט און פאָרען פאָרט ער
אין דער גרויסער מדינה, און פינעפהונדערט גאָלדענע רענ־
דלעך פירט ער מיט זיך, און זיי וואַרעמען אַ סך מער,
ווי אין בית־מדרש דער ,כריתי־ופליתי׳ צי דער ,קרבן־אהרון׳;
און איהם ווילט זיך אַצינד גאָר לערנען בלק מיט חיימען
און איהם ווייזען, אַז ער איז צען מאָל קליגער פאַר איהם.
עפּעס האָט ער אַצינד פיינט איהם און דעם שווער און אַלע
אַנדערע שוואָגערס. ער מוז זיי טרעטען אַפ׳ן קאָפּ און
נישט זיי איהם. האָט איהר געזעהן אַזוינס? ווי שטעהטס:
אָדם קרוב לעצמו, דאָס האָט ער אַצינד געפילט אין אַלע
איברים, און ער האָט באַקומען אַ שטאַרקען רצון אין
בראָד קונה־שלימות זיין...

אָנגעקומען קיין בראָד, האָט ער גענומען די אוינען אין
די הענד אַריין און אָנגעהויבען צוצוקוקען זיך אַף אַלע זייטען.
אַף דער סטאַנציע האָט ער זיך גלייך איבערגעטון, אַרויס־
גענומען דאָס געלד, עס איבערגעציילט און צעטיילט אַף צוויי
חלקים, געדענקענדיג דעם פסוק פון יעקבן: והיה אם יבוא
אל המחנה האחת והכהו והיה המחנה הנשאר לפלטה. ווען
איין טייל געלד נעהט צום רוח, בלייבט נאָך איבעריג דער
אַנדער טייל. אַרויסגעגאַנגען אַפ׳ן מאַרק, האָט ער צוערשט
אָנגעקוקט די קלייטען, נענאַנגען אַהין, אַהער, זיך צוגעהערט

וואָס מי רערט, זיך אַלץ מיט זיך אַליין מישב געווען. און האָבען איהם געזעהן אַנדערע און זענען צוגעגאַנגען צו איהם און מיט איהם געוואָלט מאַכען אַ שמועס, האָט ער זיי גלייך אָבגעהאַקט און געענטפערט: אַז איך וועל אייך דאַרפען, וועל איך שיקען אַייך רופען... און אַזוי איז ער אַרומגעגאַנגען דעם גאַנצען טאָג און סי איז ביי איהם גע־בליבען צו קויפען וועלענס מיט ציץ אינאיינעם.

אַף מאָרגען אינדערפרי איז ער אופגעשטאַנען, זיך גע־וואַשען און געטאָן אַ קורצען דאַווען, ווי מי איז דאָס אין לעטיטשעוו גאָר נישט געוועהנט, אָבגעטרונקען טיי, זיך אָב־געווישט די ליפען און איז אַוועק פּאַוואָלע אין אַ גרויסע קלייט אַריין, און האָט דאָרט אָנגעהויבען רערען מכח קויפען. אַזוי ווי ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מי האָט דאָ גאָר נישט פיינט אָבצונאַרען, האָט ער זיך געמאַכט תמעוואַטע, אויס־געפּאָרשט אַלע קנייטשלעך און חיטרים; און דערנאָך, אַז יענער האָט געמיינט, אָט קומט מען שוין צום סמיק און מי חאַפּט איהם אַריין מיט ביידע הענר, האָט ער זיך געשטעלט אַף די שפּיץ פינגער פון די פיס, געעפענט אַ מויל און געוויזען ציינער, אַז דער קרעמער האָט גלייך דערקענט, אַז ער האָט צו טון מיט אַ דורכגעטריבענעם יונג. אין דער צווייטער קלייט האָט ער שוין געהאַט די פּראַקטיקע פון דער ערשטער קלייט און האָט גלייך אָנגעהויבען: איהר האָט דאָ נישט צו טון מיט אַ פריץ. אַ סוחר בין איך, און איך האָב ליב ראַיעל און צאָל מזומנים. און געגעבען האָט ער צו פאַרשטעהן, אַז ער האַנדעלט שוין מיט יענעם קרעמער,

וואָס ער האָט נאָר־וואָס ביי איהם געקויפט דאָס ביסעל סחורה, און דאָס טוט ער שוין אַ פּאָר יאָר; אָבער אַצינד וויל ער זעהן נייע מוסטערן... אַקיצור, ער האָט אומעטום געמאַכט די בעסטע קניות און אומעטום האָט ער אָנגעהויבען גרויס און געקויפט נאָר די העלפט. ביים איינפּאַקען איז ער געשטאַנען אַליין, און איז נישט אַוועקגעגאַנגען, ביז מי האָט דאָס נישט אַרומגעבונדען און פאַרחתמעט. שוין פון בבא־קמא און בבא־מציעא האָט ער געוואוסט, אַז אַ מענש, אַ בשר־ודם איז עלול צו פאַרבייטען... און דערפאַר, וואָס ער האָט באַצאָלט מזומן, האָט ער געהייסען אַראָבצו־לאָזען פּראָצענטען. ער האָט זיך געזעצט אַף די סחורות און איז נישט געפאָרען אַף אַנ'אַנדער וואָגען און האָט גע־נעכטיגט גלייך מיט די טשומאַקעס און נישט געטרויט קיינעם אַ האָר. פאַר דער ווייב האָט ער אין דער לעצטער מינוט איינגעהאַנדעלט אַ זיידען טיכעל און איז געפאָרען אַהיים אַף אַ האַלבע אייל גרעסער, ווי ער איז געפאָרען אַהין...

און אין לעטיטשעוו האָט ער באַלד פאַרקויפט די סחורות אָהן קונצען. און דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען אופצוקויפען פעדערן פאַר בראָד, און האָט זיך אפשר מיט זעכציג קליינע יורלעך אַריינגעלאָזען אין אַ שמועס און אַריינ־נערוימט זיי אין אויער אַריין אַ סוד, אַז ער צאָלט מיט דריי קאָפּיקעס מער אַפּ'ן פונט, אָבער ער וויל גוטע פעדערן. און צום פּאַקען האָט ער גענומען שפּאָנעל־נייע זעק און געלאָזט פּאַקען, ווי איינער, וואָס האָט דאָס אויס־געשטודירט ביז אַפּ'ן פּינטעלע: זיבורית מלמטה ועידית

למעלה! און אַז ער איז אין דריי חדשים אַרום ווידער געפאָרען קיין בראָד, און דאָס מאָל אָהן חיימען טאַקי פון לכתחילה אָן, האָט ער דאָרט גענומען די גרויסע מקחים און האָט איטליכען גענעבען צו פאַרשטעהן, אַז ער טוט איהם אַ לאַסקע, ווען ער פאַרקויפט איהם. אָבגעלייזט און איבער־געציילט אַ גוטען פאַרדינסט, האָט ער דאָס אַלץ גוט איינ־געשנירט און זיך גענומען איינצוקויפען סחורות. אַוואו ער האָט פריער געקויפט ציץ, האָט ער אַצינד געקויפט וועלענס, ולהפך — כדי אויסצופּרובען איטליכען קרעמער אין אילעמען. און וואו מי האָט איהם פריער אַריינגעשטופּט אַ שלעכטע שטיקעל סחורה, האָט ער זיך גאָרנישט געשעמט און אָבגע־בראכט אַף איבערצובייטען און געזאָגט, אַז ווען אַזוינס קומט פאָר נאָך אַ מאָל, וועלען זיי איהם קיינמאָל אין די אויגען נישט זעהן. די קרעמער זענען איהם נאָכגעלאָפען און האָבען איהם געבעטען, ער זאָל קויפען ביי זיי. אַקיצור, ראובנען קען מען שוין אין גאַנץ בראָד!

און אַז ער איז געקומען צום דריטען מאָל קיין בראָד מיט פערדען, און די מעקלערס אַפ'ן מאַרק האָבען אָנגעהויבען דרייען דעם מקח, האָט ער זיך נישט געאיילט צו פאַר־קויפען און האָט אָנגעהויבען פּאַוואָלענקע אויספרעגען, וואוהין די פערדען קומען אַהין? איז ער געוואָר געוואָרען, אַז זיי ווערען פאַרקויפט קיין נאַנסי אין פראַנקרייך. וואָס טוט אונזער ראובן? ער לאָזט איינפּאַקען צוריק די פערדען, ניט די טשומאַקעס נייע אָרריוועז און איז נישט פויל אַפ'ן פעלץ און לאָזט זיך אַוועק קיין נאַנסי. דאָרט אָנגעקומען,

האָט ער זיך באַצאָלט רעם רווח, וואָס די בראָדער פאַר־דינען אָן די פערערן. און אַחוץ־דעם, וואָס ער האָט בשלימות פאַרקויפט די פערערן, וואָס ער האָט אַליין גע־בראַכט, האָט ער נאָך אָנגענומען אַ סך מכירות אַף פערערן, וואָס ער האָט געזאָלט זיי צושטעלען ערשט אין זעקס חדשים אַרום.

פאָלג מיך אַ מאַרשרוט פון נאַנסי קיין לעטיטשעוו, — הרים־וגבעות איז ער דורכגעפאָרען! און געקומען אַהיים דער גרויסער סוחר, האָט ער אָנגעהויבען אופצוקויפען פערערן, און געצאָלט גוט און אָנגעהויבען צו דריקען דעם שווער און דעם שוואָגער און די איבעריגע סוחרים, ביז זיי זענען אַלע געקומען צו איהם און האָבען געבעטען רחמים, אַז זיי וועלען מאַכען מיט איהם יד־אחת... הכלל אַהין, אַהער, ער האָט אָבגעקויפט ביי זיי די פערערן צו בראָדער מקחים, אָבגערעכענט די פראַכט און די הוצאות און ככלות־חצי־שנה זיך געלאָזען מיט דרייסיג פורען פערערן אין דעם ווייטען וועג אַריין... איטליכער האָט זיך געחידושט אַף ראובנען, ווי סי האָט זיך צו איהם גענומען די שטייפקייט. אַ טייל האָבען אפילו געזאָגט, ער ברעכט דעם קאָפּ; אָבער ראובן האָט זיך אויסגעלאַכט פון זיי אַלעמען. פינעפטויזענר רענ־דלעך פאַרדינסט האָט איהם געבראַכט אָט די נסיעה, און צוריקגעקערט קיין לעטיטשעוו, איז ער שוין אַ גאַנצער מאַכער. קויפט זיך אַ שטוב מיט מעבעל, ווערט אַ נגיד און אין דער גאַנצער משפחה איז ער דער יושב־ראש...

*

וואָס זאָל איך מאריך זיין? נאָך פינעף יאָר האָט ראובן רעם גאַנצען מסחר פון לעטיטשעווער פערערן אין זיין האַנר; און געלר געהט צו געלר, און ער ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער. אַ פּאָר שוואָגערס זיינע דינען בּיי איהם און ער האַלט שוין גאָר אַ בּוכהאַלטער. און ער קען זיינע מענשען פון אינעווענינ און פון אויסענווענינ. אַז ער האָט זיך דערשלאָגען צו די ערשטע ששים־אלפים, האָט ער זיך אָנגעהויבּען מישען אין קהלשע ענינים. אין האַרצען האָט ער געטראַכט, אַז אַלץ קאָן ווערען אַ כּפּרה פּאַר איהם און זיין עסק, אָבּער ער וויל זאָגען די דעה. און רופען רופט ער זיך אַצינר ראובּעלע נאַטענזאָן און פירען פירט מען זיך אַ בּיסעל רייטש. חוה'ן זיין ווייבּ, אַז איהר וואָלט זי אַצינר געזעהן, וואָלט איהר זי גאָרנישט דערקענט: אָט דאָס קליינע יוריש ווייבּעל זעהט גאָר אַנדערש אויס, אַז זי געהט אַרויס אָנגעטון אין סאַמעט און אין זיירענס און מיט דעם האַלדז פּערל! און צו די קינדער האַלט מען לערערס. אַזוינס האָט מען אין לעטיטשעוו נאָך נישט געזעהן!

און דער סוף איז געווען, ויפרוץ ממונו לרוב. ראובּעלע נאַטענזאָן איז געוואָרען אַ גביר אין די מאה־אלפים און איז אַרויסגעפּאָרען אַף אַ פּאָר פערד, אַז סי האָט געטראַסקעט. וואוינען וואוינט ער אין אַ מויער מיט געוועקסעלטע פּאָלען; זיין מעבּעל, זיין זילבּער, זיינע שידוכים מיט קינדער! גאָט און לייט האָבּען איהם מקנא געווען, און סי איז געווען פּאַרוואָס. — — —

# יעקב־נתן

יעקב־נתן איז געווען אַ קלוגער יוד און אַ מענש מיט אַ גוטען קאָפּ און אַ שטיק קענער און אַ לערנער, און אַלץ האָט ער געוואוסט, און אין אַלעם האָט ער געהאַט אַ ידיעה: אַ בלעטעל גמרא, אַ תּוספות, אַ פּסוק מיט אַ אבן־עזרא, אַ שאַרפער חשבון, צי גאָר אַ שמועס אין תכונה. דער ענין גופא פון אַ זאַך איז איהם קיינמאָל ניט אָנגעגאַנגען, אָבער ער האָט ליב געהאַט דעם עצם ענין פון וויסען, צו זיין אַ ידען און אַ בעל־השגה. אָקערשט פרום איז ער קיינמאָל ניט געווען; ער האָט געוואוסט, אַז סי דאָ אַ גאָט, אָבער דאָס איז ביי איהם געווען אָהן האַרץ און אָהן יסוד. ער האָט קיינמאָל ניט עובר געווען אַף אַ מצוה, ער איז געווען צו פויל אַף ניט צו דאַווענען און ניט אָבצוהיטען, וואָס מי דאַרף אָבהיטען. יורישקייט איז געווען אַ זאַך, אליי מי טוט אָן שיך און זאָקען, צי די קאַפּאָטע. דעם ענין פון תּאוה האָט ער ניט געקענט, הן אין עסען, הן אין געלד־פאַרדינען, צי אין אַנדערע זאַכען. דער עיקר איז ביי איהם געווען דער שכל און אַז ער פאַרשטעהט אַ זאַך לכתחילה. וואָס ער האָט אָנגעהויבען האָט ער ניט געקאָנטשעט, און עס איז איהם געווען נענוג, אַז ער האָט

אין רעם אַ תּפיסה. פרעגט איהר, ווי איז ער געווען אין ווענטזאַכען צי בנוגע צו מענשען, איז דאָס שווער צו זאָגען. אַז מי וויל, איז ער געווען אַ איש־ישר, אָבער אַ קאַלטע בּריה און אין האַרצען ניט קיין גוטער. אַ וואָרט האָט ער געהאַלטען, אָבער דאָס איז ניט געווען אַף דער אמתן, וואָרום בּסך־הכל האָט ער ניט גערעכענט פון היינט אַף מאָרגען. נגידים האָט ער ניט מקנא געווען, וואָרום ס׳רוב נגידים האָבען ניט קיין שכל. אַנ׳אָרימאַן צו זיין איז נאָר שלעכט, בשעת מי האָט ניט צו דער רגע דעם קערבעל; דערנאָך, אַז מי האָט איהם שוין יאָ, צי מי פאַרדינט איהם, צי מי לייהט איהם, עסט מען איהם גלייך אוף און מי האָט ווידער גאָרנישט. איהם איז געווען קלאָר, אַז אַנ׳אָרימאַן איז נאָר דער, וואָס פילט זיך פאַר אַנ׳אָרימאַן. רעם געפיל האָט ער אָבער קיינמאָל ניט געהאַט, חאָטשי ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין געלד. און אַז ער האָט אַמאָל געחאַפּט אַ הונדערטער אין אַ גרויסער בּוררות — דאָס איז געווען איינמאָל צי צווייּמאָל אין זיין לעבען — איז איהם געווען דער עיקר נאָר דער שכל דערפון, דער אופטו, אַז מי רערט צוויי טאָג מיט מענשען מכּח גרויסע סכסוכים און מי פאַרשטעהט דאָס. פרעגט איהם, צי איז ער אַמאָל געווען פרייליך אין זיין לעבען, אַז סי איז אופגעגאַנגען די זון, צי אַז ער האָט חתונה געמאַכט אַ קינד און צי ער האָט איבערהויפּט ליב געהאַט אַ קינד! אַז מי טוט אַ קוק אַף איהם מיט זיין גראָליכען קיילעכדיגען באָרד און זיינע לע־בעדיגע אויגען, ווייזט ער זיך ניט אויס ווי אַ קאַלטער

מענש; פאַרקערט, ער האָט ליב אַמאָל אַ זינג צו טון פאַר זיך, אַ ברוס צו טון. ער רעדט מיט כח און מיט אַ קול, און בעצם איז איהם ניט נוגע שטאַרק וואָס ער רעדט. ער איז שוין איבער חמשים און קיינמאָל רעכענט ער ניט זיינע יאָרען. ער איז אַ מענש וואָס ווערט ניט קראַנק, וואָס פאַרקילט זיך ניט, וואָס טוט קיינמאָל ניט קיין הוסט. ער רייכערט ניט און געהט ניט אויס נאָך אַ ציגאַר; ער האָט אַ שיינעם כתב און איז פויל צו שרייבען. אין קלויז זיצט ער קיינמאָל ניט אַף זיין שטאָט און אַז ער ראַווענט, נעמט ער אַ פרעמדען סידור. אין עניני פּאָליטיקע איז ער דער ערשטער און וואַרפט זיך אַרום מיט אַלע שטעט פון דער וועלט און אַרויסגעפאָרען פון זיין שטאָט איז ער נאָך ניט אַף אַ וויאָרסט. ער פאַרשטעהט אפילו דעם שכל פון באַן און פון טעלעגראַף און ביידען האָט ער ניט געזעהן. אַמאָל האָט ער מיט נאָך אַ שותף געעפענט אַ שטיקעל זאַ־וואָד און האָט געמאַכט מאַלץ על־פי־חעמיע און דער גאַנצער משא־ומתן האָט געהאַט אַ קיום אנ׳ערך דריי חדשים און דער מאַלץ האָט ניט געטויגט, און פונדעסטוועגען איז ער אין דעם אַ שטאַרקער בקי. פון אַלע מסחרים ווייסט ער: פון טאָרגעס ווייסט ער, פון קאָנטראַקטען ווייסט ער, און איז קלאָר אין אַלע חשבונות און אַליין קען ער אייך ניט צונאויפרעכנען דריי רובעל אַ וואָך, וואָס ער זאָל זיי האָבען במזומן. ביי איהם אין שטוב פירט מען זיך נגידיש, סי ראָ אַ טישעל און אַ בענקעל און אַ לעפעל און אַ גאָפּעל, און סי ניטאָ וואָס צו עסען. נאָר וואָס רען, מי רופט דאָס

ניט אָן מיט'ן נאָמען. אינדערפרי האַפּט מען עפּעס און מי האָט שוין עפּעס; פאַרקערט, מי גיט דאָס אויס אַלץ אַף אַמאָל. אַז מי האָט נאָר אַ פּאָר קוילען און אַ שטיקעל צוקער און דער סאַמאָוואַר קאָכט און סי איז פאַראַן דערביי עפּעס צו דערציילען, איז מען שוין לעילא־ולעילא. גאָט האָט מיט אַזוינע מענשען ניט פיל צו טון און זיי דולען איהם ניט דעם קאָפּ און זיי פרעגען איהם ניט, צי איז ער יאָ משגיח אָדער ניט משגיח. יעקב־נתן האָט אַוודאַי אַמאָל אריינגעקוקט אין מורה־נבוכים און אין שער־היחוד און ער פאַרשטעהט אַ שטיקעל חקירה, אָבער אין תּוך גענומען איז איהם דאָס גאָרניט נוגע. דער חילוק צי די וועלט איז אַ קדמון צי איז זי באַשאַפען געוואָרען אין אדם־הראשונס צייטען, איז נאָר דער, אַז דאָס זאָגט אריסטו און יענץ זאָגט דער רמב"ם, און אין תּוך גענומען איז סיי־ווי־סיי דאָ נאָר איין וועלט און דער פּועל־יוצא דערפון איז קיין נפקא־מינה ניט. דאַרפען דאַרף מען נאָר וויסען די דעות אַף ציקאַוועסט. יעקב־נתן וויל זיך קיינמאָל ניט לאָזען אָבנאַרען און ער איז נאָך קיינמאָל ניט דערגאַנגען אַ זאַך ביז'ן רנאָ. ער וויל קיינעם ניט טון קיין שלעכטס און האָט נאָך קיינעם ניט געטון אַ טובה. ער פאַרשטעהט ניט דעם טעם פון טון אַ טובה, פון רחמנות, פון חסד און פון נאָך אַזוינע זאַכען און פונדעסטוועגען רעדט ער פון מידות און ווייסט פון די שמונה־פּרקים. ער האָט קיינמאָל ניט אָבגעגעבען זיך קיין דין־וחשבון פון אַ זאַך און האָט שטאַרק ליב צו רעכענען וועגען יענעם. מי קען ניט זאָגען, אַז ער

איז אַ בעל־רכילות, אָבער אַז ער רעדט וועגן יענעם איז דאָס ניט לטובתו. צו איטליכען מענשען זאָגט ער „דו' און רעדט אַ סך מיט ינגלעך. אַז סי קומט אַ פּאַקענטרעגער, איז יעקב־נתן דער ערשטער, וואָס דרשענט וועגן איהם און טאַפּט בּיי איהם אויס אַלע ספּרימלעך און ער האָט כל־ימיו ניט געקויפט קיין ספר. קיין שום שיטות האָט ער ניט געהאַט און איינגערעדט האָט ער זיך, אַז ער האָט זיך זיין דרך. מיט איהם זיך צו שפּאַרען וועגען אַ זאַך איז געווען אונמעגליך, און אַנ׳עקשן איז ער ניט געווען. מאָרגען האָט ער שוין געקענט זאָגען פאַרקערט, אַז סי איז איהם נאָר אַזוי אויסגעקומען. אַוודאַי האָט ער געוואָלט מער פאַרשטעהן פאַר אַלע מענשען און וואָלט קיינמאָל ניט געזאָגט, אַז סי איז דאָ ־איינער, וואָס פאַרשטעהט מער פאַר איהם און ווייסט מער פאַר איהם, אָבער דאָס איז ניט געווען גלאַט גאוה און ניט לשם זיך איבערצונעמען. סי איז איהם געווען קלאָר, אַז אין יעדער שטאָט מוז זיין איינער, וואָס פאַרשטעהט מער פאַר אילע און וואָס האָט אַ גרעסערען שכל פאַר אילע, און אויב עס איז אַזוי, איז דאָס אין דער שטאָט, וואָס ער וואוינט, יעקב־נתן, און ניט קיין אַנדערער.

מיינט איהר, אַז אַזאַ מענש גלייבּט אין טויט, צי ער גיט אַ טראַכט וועגען דער צייט, וואָס מי הערט אוף צו זיין? אסור! ער קען זיך ניט אויסמאָלען זיין שטאָט אָהן זיך, און אַז סי שטאַרבּט אימיצער, שטאַרבּט דאָך אַנ׳אַנדערער און ניט ער. פון צרות־ישראל רעדט ער אויך, אָבער דאָס

האַרט איהם וועניגער פון טבעיות. אַז סי איז יודען שלעכט, דאָס פאַרשטעהט איטליכער און וועגען דעם קען שמועסען אפילו אַ יודענע, אָבער ניט יערער קען שמועסען פון טבעיות, און די טבע אַליין איז נאָר אַ טפל צום שכל פון דער טבע. איין וואָרט האָט ער שטענדיג געהאַט אין מויל און דאָס איז געווען „מושכל ראשון" און אַז ער האָט דאָס אַרויסגעלאָזען פון מויל, האָט ער גוט געוואוסט, אַז גערעכט איז ער און ניט יענער; און וואָלט דאָס פאַסירט, אַז ער זאָגט, וואָס יענער זאָגט, און יענער זאָגט, וואָס ער זאָגט, וואָלט ער ווידער געווען גערעכט, וואָרום ביי איהם אין מויל באַקומט די זאַך דעם מושכל און דעם עיון. פון עיון האָט ער שטאַרק געהאַלטען, נאָר איז ביי איהם עיון ניט געווען דער טייטש, זיך צו פאַרטיפען אין אַ זאַך, נאָר דאָס, וואָס סי בליצט דורך אינ'ם קאָפּ וועגען אַ זאַך. איהם האָבען גע־קענט יונגעלייט זאָגען אַ שטיקעל גמרא, וואָס איז ניט געשטויגען און ניט געפלויגען און באַלד האָט ער געזאָגט דעם מהרש"א דערצו. בטבע האָט ער תמיד געזאָגט ליגען און בשעת־מעשה האָט ער געמיינט, אַז ער זאָגט דעם אמת.

אין שטאָט האָט הינטער זיין פּלייצע קיינער פון איהם ניט געהאַלטען, און להפך, אַז ער איז געווען דערביי, האָט מען פאַר איהם געהאַט דרך־ארץ. ביי קיינעם איז ער ניט געווען באַגלייבט אַף אַ הלואה, און פונדעסטוועגען, אַז ער האָט געבעטען אַ דרייערעל, האָט מען איהם געליהען. סי איז קיינער ניט געווען אין שטאָט, וואָס וואָלט ניט געוואוסט,

אַז יעקב־נתן האָט ניט פאַררינט און פונרעסטוועגען איז ער ניט געווען נחשב פאַר קיין קבצן. נאָך יעקב־נתנען האָט מען ניט געבענקט, וואָרום ער האָט דערקוטשעט מיט זיינע הקירות, און פונרעסטוועגען איז מען געווען פריילין, אַז ער איז געקומען. ער האָט גאָר געקענט אַמאָל אויספירען אַ שידוך, צי רעדען אַ שידוך, און אַז איהר וואָלט איהם געזאָגט, אַז ער איז אַ שרכן, וואָלט ער אייך געלאַכט אין פנים אַריין. ער האָט געהאַט צוויי איירעמס און צוויי זין און אילעמאָל האָט ער געהאַלטען אַלץ פון אַנ׳אַנדערן. וואָס איהם איז געווען געפעלען אַף אַנ׳אמתן, איז געווען זיינס אַנ׳איינקעל אַ מיירעל ברײנע; זי האָט געלערנט חומש און דאָס איז געווען דאָס איינציגע, וואָס ער האָט געליבט.

פון רביים האָט ער ניט שטאַרק געהאַלטען, דאָס באַדאַרף איך אייך ניט צו זאָגען, נאָר פון איין רבין האָט ער יאָ געהאַלטען, וואָס ער האָט פאַרשטאַנען דעם שכל פון מילען און וואָס פלעגט ריסעווען פאַר זיינע חסירים דעם פלאַן פון מילען. אַז ער האָט זיך דערוואוסט פון יענעם רבין, וואָס ער האָט געפונען ביי אַ ברעג פון ים דעם חילזון, איז ער געווען אויסער זיך און האָט דערפון געשמועסט אַ יאָר נאָכאַנאַנד, חאָטשי ציצית זענען איהם ניט געלעגען אין זינען און ער וואָלט זיך געקענט באַגעהן אָהן זיי, אַז יורען וואָלטען דאָס ניט געטראָגען.

אַז יעקב־נתן האָט זיך דערוואוסט, אַז אין מחזור צו נעילה זענען דאָ נעבען אַנאַנדער פיר שטיקלעך, וואָס הייבען זיך אָן מיט די פיר ווערטער: יה הנקרא אלהים טבע, האָט

ער נאָר געהאַט די התפעלות, אַז ער ווייסט פון דעם און קען דאָס וועגן במאזני־ההגיון. אין האַרצען האָט איהם אלהים געלאָזען קאַלט ווי די טבע. אַז גאָט האָט באַשאַפען די וועלט קען מען פאַרשטעהן, און אַז אַלץ קומט פון דער טבע קען מען דאָס אויך על־פי־חקירה פאַרשטעהן. פון דויד המלך מוז מען אַוודאַי האַלטען, אָבער וואָס איז ער קעגען דעם רמב"ם? וואָס זנאַטשעט רש"י מיט זיין ווייבער־שער נשמה קעגען דעם רלב"ג? און מיינט איהר, ער האָט געהאַט התפעלות חאָטשי פאַר'ן רמב"ם און רלב"ג און נאָך אַזעלכע? ניין, אַז סי וואָלטען ניט געווען קיין חוקרים, וואָלט דאָך יעקב־נתן ניט געהאַט וועגען וואָס זיך צו חקרנען. דער טוחן מוז האָבען וייץ, אַ מענש, וואָס האַנ־דעלט מיט תבואה מוז האָבען קאָרן, און פאַר אַ יורען ווי יעקב־נתן באַדאַרפען צו זיין חוקרים. אַז סי געהט אונטער די זון און סי ווערט נאַכט, צינדט מען אָן אַ ליכט; אָבער אַז סי וואָלט ניט געווען קיין הגיון, וואָלט דאָך יעקב־נתן ניט געהאַט דעם יתרון.

אַזוי איז יעקב־נתן געוואָרען אַ בן־ששים און איז גע־וואָרען נאָך גראָער; מי הייבט שוין אָן אַריינצוגעהן אין די שבעים און ער איז ווי ער איז געווען. ער זאָל דאָס געבען אַ טראַכט וועגען ערב־שמשי... יאָ, די זון אַליין און די לבנה און די שטערען זענען דאָך נאָר דאָ לשם־תכונה.

וואָס איהם האָט געפעלט אין גלות — און דאָס איז געווען די איינציגע זאַך, וואָס ער האָט אין דעם געזעהן אַ חילוק פון היינט צו אַמאָל, ווען יורען האָבען נאָך געהאַט

זייער לאַנג — איז געווען, וואָס מי בענשט ראש־חודש ווי
סי שטעהט אין לוח, און וואָס מי מאַכט ניט מער דעם
קידוש־החודש. דאָס האָט איהם כל־ימיו געהאַרט, ביז
ער איז געשטאָרבען און מי האָט באַגראָבען דעם טויטען
מושכל אַפ׳ן בית־עולם.



# זיידע

זיין טאַטע ישכר־בער איז געווען אַ יוד, וואָס איז כל־ימיו געזעסען אין אַ דאָרף, אָהן אַ פּיצעל נשמה פון אַ דאָרפס־יודען. עפּעס פאַר פערציג יאָר איז איהם געווען באַשערט חתונה צו האָבען אין אַ דאָרף; און אַז ער איז אָבגעזעסען זיינע זעקס יאָר קעסט און דער שווער איז געשטאָרבען, איז ער אַליין געבליבען אין דאָרף. דאָרט האָט ער געהאַלטען אַ קלייטעל, געהאַנדעלט מיט תבואה און מיט האָלץ, אַמאָל פלעגט ער פאַרקויפען אַ קצב אַ שטיקעל סקאָט, וואָס ער האָט אויסגעהאָדעוועט; אָבער אַליין אין האַרצען איז ער געבליבען אַ תהלים־זאָגער, אַ משניות־לערנער, צי גאָר אַ שטיקעל בעל־תפלה, אַז ער פלעגט קומען אין שטאָט אַריין.

ביילע, זיידעס מאַמע, האָט צו דעם טאַטען, ישכר־בערן, ניט אַזוי געפּאַסט. ביילע איז געווען העכער פון איהם מיט אַ קאָפּ און אַ יודענע, וואָס נאָך אין די שפּעטערע יאָרען האָט מען געזעהן, אַז זי איז געווען אַ שיינע. אַז זי איז געווען אַ מיידעל, האָט זי אין זינען געהאַט גאָר אַנ'אַנדער חתן, אַ מענש, וואָס האָט געדינט אין גאָראַלניע; חתונה געהאַט האָט זי מיט ישכר־בערן, וואָס אויב זי וואָלט

זיך נישט געשעמט פֿאַר זיך — אַ יורענע מיט פֿינעף קינדער — וואָלט זי זיך מורה געווען, אַז בסך־הכּל איז ער איהר נישט ליב.

איהר גאַנצע נחמה איז געווען ווירע, איהר עלטערער זון, און דעם האָט זי מחנך געווען אַף איהר דרך. נאָר נישט אַנ'איינגעבויגענער יור, ווי דער טאַטע, האָט זי זיך געזאָגט. און אַז סי איז געקומען די צייט, אַז ער האָט שוין געקאָנט אַביסעל עברי און מי האָט געזאָלט אָנהייבען מיט איהם חומש, האָט זי זיך מישב געווען און אַוועקגעפירט איהם אין אַ אויעזדני גאָראָד, נישט אין דעם שטעטעל, וואָס איז נעבען זייער דאָרף; דאָרט האָט זי איהם געדונגען קעסט בּיי אַ קרוֹב, וואָס איז געווען אַ שטיק הייגטינגער, און מי האָט אָנגעהויבען מיט איהם לערנען רוסיש. ישכר־בער האָט געמיינט, דער רוּח נעמט איהם, וואָרום בסך־הכּל האָט ער פֿיינט געהאַט דעם נייעם דוֹר מיט אַלע זיינע קענטנישען, אָבער בּיי זיין וויב בּיילען האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט די דעה. —

ווירע האָט זיך אַ לאַנגע צייט פּריגאָטאָוועט און פּריגאָטאָוועט, און דערנאָך איז ער מיט מיה אָנגעקומען אין דער נאַראָדנער אוטשילישטשע. אין איטליכען קלאַס איז ער געזעסען צו צוויי יאָר, וואָרום דאָם לערנען איז געווען שווער און דער מח איז נישט געווען דער גוטער; דערפֿאַר אָבער איז ער שטאַרק געוואַקסען, און אַז ער איז געקומען אַף יום־טוב אַהיים, האָט מען איהם פּשוט נישט דערקענט. געטראָגען האָט ער אַ קורץ רעקעל מיט

מעשענע קנעפּ, אַ היטעל מיט אַ לערערנעם ראַשעק און אויסגעזועהן האָט ער, גאָרנישט ווי אַ יודיש יונגעל.

ביילע האָט זיך אַוואַי געפרייט, אָבער די פרייד איז נישט געווען אָהן אַנ׳עגמת־נפש. זי האָט זיך געטראַכט אין האַרצען, וואָס וועט זיין דער סוף פונ׳ם לערנען. אַז ער זאָל ווייטער שטודירען, האָט מען נישט פון וואַנען, און ער אַליין האָט אויך נישט קיין חשק דערצו... אַז סי קומט אַריין אַ שיקסעל, געהט ער צו איהר צו און גיט איהר אָהן קונצען אַ קניפּ אין באַק. אַ מאַמע אַז זי זעהט דאָס, האָט דערפון די שטאַרקע יסורים.

און אַז זיירע האָט אויסגעלערנט און טאַקי געקאָנטשעט די דריי קלאַסען און איז געקומען אין דאָרף אַריין שוין אַף שטענדיג, האָבען זיך אָנגעהויבען די אמתע דאַגות. אַ האַלבער געקאָנטשעטער קאָן אַוואַי נישט העלפען דעם טאַטען ביים מעסטען ווייץ, צי דער מאַמען ביי די בהמות, און אַזוי ווערט מען אַ פּוסטעפּאַסניק. די ביכער ליגען און שימלען, און ווען מי האָט תּחילת נאָך געשאַנע־וועט דעם טאַטען, זיך געוואַשען צום עסען, זיך געזעצט פרייטיג־צו־נאַכט צום טיש, האָט דאָס נאָכדעם אויך אופּ־געהערט; מי זאָל נישט זינדיגען מיט די רעד, אַנ׳אמתער משומד.

אין האָראָרישטש, אין דעם שטעטעל נעבען דעם דאָרף, האָט מען געמיינט, אַז אַזוינער וועט ווערען אַ שרייבער אין אַ וואָלאָסט און וועט חאָטשי פאַרדינען אַ קערבעל. צו־געמען אַ יורען אַף אַזאַ שטעל האָט מען אָבער נישט גע־

וואָלט; און די טבע איז געווען פון זיירען זיך נישט צו שטופּען, נישט עפּעס וועלען צו ראָסטינגאַיען. זיין שטייגער איז געווען צו שלאָפען שפּעט ביז צען אַ זייגער, רערנאָך אופ־שטעהן, זיך פּאַוואָלענקע וואַשען און זייפען. נישט גאָר פריייטיג, נאָר אַלע טאָג, פּוצען די שטיוועל און דעם סערדוט, איבערבייסען און אַוועקגעהן, ביז צום אָנבייסען. — דאָס איז געווען זיין טועכץ אַלע טאָג. און דאָ איז מען געוואָרען איינאונצוואַנציג יאָר און מי האָט די טרייפענע הצלחה אַרויסצוציהען אַ גרויסען נומער און בלייבען אינרערהיים.

וואָלט ער חאָטש געטראַכט חתונה צו האָבען און צו נעמען אַ ווייב און ווערען אַ מענש ווי אַלע מענשען, אָבער דאָס אויך נישט. ויירע איז שוין אַלט געוואָרען פינעפ־אונצוואַנציג יאָר און איז נאָך אַלץ אַ בחור. סי געהט איהם דער זעקסאונצוואַנציגסטער יאָר, דער זיבענאונצוואַנציג־סטער, און מי איז אַכטאונצוואַנציג, באַלד דרייסיג, און אַלץ קיין תכלית נישט. אַז ער איז געקומען אין שטעטעל אַריין, האָט מען אַף איהם געטייט מיט די פינגער...

ישכר־בער, דער טאַטע, האָט נישט געטאָרט אויסרערען אַ וואָרט, צי איהם גאָר עפּעס זאָגען. אינרערפרי, בשעת'ן דאַווענען און קיינער איז נישט געווען אין שטוב, פלעגט ער געבען אַ שטאַרקען געוויין: דער שברון־לב צו זיין דער טאַטע פון אַזאַ זון, וואָס עסט פּשוט קאָלבאַס און איז שוין גאָר קיין יוד נישט, איז נישט קיין קלייניקייט. אָבער אַפילו ביילע, וואָס האָט תמיד געהאַלטען מיט איהר קינד — איהר האָט געהערט אַ קינד, אַ בחור פון דרייסיג יאָר! —

האָט אויך געהאַט אַ ווייטאָג אין האַרצען. אַוודאַי איז ער אַ גוט קינד, האָט זי געטראַכט בײַ זיך, אָבער ער האָט נעבעך נישט קיין מזל.

מענשען האָבען איהר געזאָגט, אַז סי וואָלט געווען בעסער, אַז ער וואָלט געבליבען אין אויעזדני גאָראָד, דאָרטען וואָלט ער זיך געקאָנט צושלאָגען צו אַ שטעל; עפּעס מוז ער דאָך אָנהייבען צו ווערען פּאַרדינען. זיירע האָט אָבער גאָר־נישט געוואוסט פון עצם פּאַרדינען. און אַז ער האָט גע־פּאָלגט און איז געפאָרען אין שטאָט אַריין כלומפערשט זוכען אַ ראָלושנאָסט, זענען נישט אַוועק קיין זעקס וואָכען, ביז סי האָט איהם געצווינגען צוריק פון שטאָט אין דאָרף אַריין... איהר וועט מיר נישט גלייבען, אָבער סי האָט איהם אויך געצווינגען צו דער מאַמען... אָט דער גרויסער און גע־זונטער מענש, מיט'ן געשווירענעם באָרד, האָט געבענקט נאָך דער מוטער. אַז ער איז געקומען אַהיים און די מאַמע האָט פאַר איהם געגרייט דעם טיש צו דער וועטשערע — דער טאַטע איז נישט געווען — און ער האָט זיך געזעצט עסען, און זי האָט זיך אַנידערגעזעצט אַקעגען איהם, אָנגע־שפּאַרט דעם קאָפּ אַף ביידע הענד און געקוקט, ווי ער עסט, איז איהם געגאַנגען איבער'ן האַרצען. רחמי־אם איז אַ געפיל, וואָס מאַכט אַפילו ווייך אַייזען...

ויהי היום, האָט ישכר־בער געהאַט יאָרצייט און ער האָט געדאַרפט מאַכען אַ מנין אין דאָרף; האָט ער צונויפ־גערופען ניין יורען פון די דערפער, — סי איז אַ חרפה צו זאָגען, דעם אייגענעם זון קאָן ער נישט מצרף זיין צום

מנין. — אַלע ניין יורען זענען געקומען און האָבען אָנגעטון
די טליתים און האָבען זיך אַנידערגעשטעלט ראַווענען. זיי
שטעהן און שאָקלען זיך. דאָ קומט צו לויפען אַ שייגעץ
און גיט אַ קוק דורכ׳ן פענסטער. אַזוינס האָט ער נאָך
קיינמאָל נישט געזעהן. אַוודאַי איז ער בּאַלד צוגעלאָפען
צו אַנ׳אַנדער שייגעץ און איהם אויך געוויזען די יורען, וואָס
שטעהן און שאָקלען זיך... און דאָס שייגעצעל האָט אַף
קאַטאָוועסן געחאַפּט אַ שטיין און אַרייגעוואָרפען אין פענ־
סטער אַריין. די יורען האָבען זיך דערשראָקען, און איינער
איז אַרויסגעלאָפען און האָט געוואָלט חאַפּען דעם שייגעץ.
אָבער בּאַלד זענען אַרויס פון די חאַטעס אַלע גוים, וואָס
האָבען בּיז אַצינד קיינמאָל ניט געטשעפּעט ישכר־בּערן
און וואָס פלוצים האָט זיך אין זיי דערוועקט די שנאָה;
זיי האָבען זיך געוואָרפען אַף די יורען און האָבען אָנגע־
הויבען זיי צו שלאָגען מכּות־רצח. מאָלט אייך אויס, דאָס
גאַנצע דאָרף גוים וואַרפט זיך אַף אַ מנין ראַווענדיגע
יורען! ישכר־בּערס שטוב איז שיר נישט צעטראָגען געוואָרען.
אָבער דאָ האָט זיירע געוויזען, וואָס ער קאָן. ער האָט
זיך אַנידערגעשטעלט קעגען די גוים מיט אַזאַ גבורה און
האָט אָנגעהויבען אַריינצושיטען אין זיי אַזעלכע מוראדיגע
קלעפּ, אַז זיי האָבען געזעהן, אַז איהם וועט מען נישט מנצח
זיין. ווי אַ לייב האָט ער געקעמפּט קעגען די פיינד און זיי
זענען פונאַנדערגעלאָפען...

אַזוי האָט זיירע, דער פוסטער בּחור, געראַטעוועט
פאָטער און מוטער, געראַטעוועט די שטוב, געראַטעוועט די

יורען און געראַטעוועט דעם ספר, וואָס מי האָט איהם געבאָרגט אין שטעטעל.

אָט דאָס מאָל האָט ישכר־בער און אַלע יורען זיך דערוואוסט, אַז מיט גאָלע משניות־יורען אַליין און לער־נערס קומט מען נישט אויס; אַז אויך אַזוינע ווירעס קומען אַמאָל דעם כלל שטאַרק צוניץ.



# די בני־שמעון און די בני־לוי

פאַרצייטען האָט געלעבט אין רוסלאַנד אין אַ שטאָט אַ יוד, וואָס האָט געהייסען אברהם. אברהם יונה'ס, אַ שטילער און אַנ'ערליכער יוד, וואָס האָט זיך געהאַט חיונה און איז זיך געגאַנגען נאָך זיינס. און געהאַט האָט ער צוויי זין, וואָס זענען געבוירען געוואָרען אַ צווילינג, און מער האָט ער שוין קיין קינדער נישט געהאַט. איין זון האָט געהייסען שמעון און דער אַנדערער האָט געהייסען לוי; און ביידע זענען זיי געווען פון איין גרויס, און געלערנט האָבען זיי ביי איין מלמד, און ביידע האָבען זיי אין איין צייט חתונה געהאַט און מיט דעם גלייכען גרן. און ביידע האָבען זיי געהאַט קינדער און אָנגעהויבען צו האַנדלען, טאַקי דעם אייגענעם מסחר פון זייער פאָטער; אָבער דער פועל־יוצא איז געווען גאָר פאַרשידען! שמעון האָט באַלד אין אילעמען מצליח געווען און לוי האָט באַלד אָנגעוואָרען דעם גרן, דערנאָך זיך איבערגעדרייט און ווידער פלאַטשיק, און זיך אָנגעהויבען מוטשען. ראַכט זיך האָט ער ראָך דעם אייגענעם שכל פון זיין ברודער און טון טוט ער דאָס אייגענע, און פונדעסטוועגען געה שריי חי־וקיים, אַז סי געהט נישט און סי וויל נישט געהן. מי מוז גלייבען, אַז סי איז דאָ אַ מזל,

און דאָס מאַכט דעם איינעם גרויס, דעם אַנדערן קליין. שמעון איז שוין געשטאַנען ביי די צוואַנציגטויזענר רובל און נאָך מער און זיין נאָמען וואַקסט און ער שפּילט שוין די גרויסע ראָלע; לוי אָבער קאָן גאָרנישט דערגרייכען, האָטש ער אַרבעט איבער די כחות און טוט אַלץ, כדי צו קומען צו אַ מעמד.

סי איז געקומען אַזוי, אַז חאָטשי מי האָט געלעבט צווי־שען זיך ניט שלעכט און קיינמאָל האָט מען זיך נישט גע־קריגט, צי אפילו נאָר זאָגען איינער דעם אַנדערן אַ קרום וואָרט — מי איז דאָך ביידע טאַטענס קינדער און נישט אָהן מידות — האָט מען זיך אָנגעהויבען מרחק צו זיין; און צווישען די ווייבער — וואָס כידוע, קאָנען זיי נישט פיל האַלטען אין זיך — איז טאַקי געוואָרען אַ שטיקעל שטילע שנאָה. לוים ווייב איז נישט ווענינגער איידעל פון שמעונס ווייב, פאַרקערט, זי קומט נאָך אַרויס פון אַ גרעסערן יחוס, — איז פאַרוואָס קומט יענער זיך באָדען אין עשירות און איהר נישט? פאַרוואָס קאָן זי נישט אַזוי וואוינען ווי יענע און אַזוי אַרויסגעהן ווי יענע? אַוודאַי האָט יענע ביי איהר נישט גענומען; פאַרקערט, וואו שמעון קאָן נאָר, שאַרט ער לוין צו אַ פאַרדינסט, און וועט איהם קיינמאָל נישט אָבזאָגען אין אַ בקשה, אָבער לוי בעט נישט... בעסער וועט ער מי־יורע וואָס טון, אַבי נישט אָנקומען צום ברודער. — און שמעון פאַרדינט גאָלד, פון דער אַלטער שטאָט האָט ער זיך אַריבערגעקליבען אין דער נייער שטאָט און געקויפט אַ מויער; אַ שידוך געטון מיט אַ קינד מיט

אַ גרויסען גביר אין קיר״ה. און לוין נעהטס שלעכט און דער מח זיינער טריקענט איהם אויס פון ראַגות. אין שטוב מוז מען זיך פירען בעל־הבתיש, מיט אַ שטיקעל רינסט, מי איז ראָך שמעונס אַ ברודער און פאַר לייטען קאָן מען נישט אופּרעקען אַלע לעכער; פונדרעסטוועגען, ווייסט איט־ליכער רעם אמת און מי הערט נישט איינמאָל זאָגען: לוין איז נעבעך נישט גוט און ער מוז זיך מוטשען. און טוט מען אַ קלער וועגען די דרכים פונ׳ם רבונו־של־עולם, פאַר־שטעהט מען אויך נישט: פאַרוואָס גיט ער איינעם צופיל און רעם אַנדערן צו ווענינ? פאַרוואָס מוז שמעון אין אילע־מען מצליח זיין און ביי לוין איז פונקט פאַרקערט?

און ראָ האַלט שמעון ביי די מאה אלפים, און אַ יש־אומרים גאָר ק״ן אלפים. ער טראַסקעט אַף אַלע כלים און פאָרט אַרויס, ווי אַ שררה; און לוי ציהט פון זיך ממש די הויט, אַבי צו דערהאַלטען די שטוב. און ראָ וואַקסט אַריין איין מיידעל נאָך דער אַנדערער. אַלע זענען זיי, קיין עין־הרע, געראָטען און מיט אַלע מעלות. אָבער ווי גיט מען זיי אויס? דאָס טראַכטענדיג, טרייסעלט זיך ביי איהם דער מח. און דבורה׳לע, די עלטערע און די שענערע, איז שוין אַלט דרייאונצוואַנציג יאָר. און זי וויל גאָר אָנהייבען נעהען פאַר אַנדערע און פאַרדינען און העלפען טאַטע־מאַמע; אָבער לוי וועט זיך לאָזען באַגראָבען לעבעדיגערהייט, איידער דאָס צוצולאָזען. און די מוטער, אַז זי זעהט צו ווי איהר טאָכטער זיצט פאַרנאַכט ביים פענסטער און זינגט פאַר זיך אַ שטיל לידעל, גיט זי גאָר אַ וויין.

און קיינמאָל איז נישט געקומען קיין שינוי אין לויס מצב. זאָגט מען ראָך סי איז אַ וועלט מיט אַ גלגל־החוזר. זאָל זיך דאָס רעדעל האָטש איינמאָל אַ דריי טון אַף צוריק. ניין, סי איז ווי אַ גזר־דין־מן־השמים!

און האָט שוין לוי יאָ חתונה געמאַכט די קינדער — בײַ יורען בלייבט מען נישט זיצען — האָט זיך בײַ זיי אויך אַזוי אויסגעלאָזט, ווי בײַ איהם. זייערע מזלות זענען געווען געגעהט נאָך דער אייגענער מאָס ווי זיין מזל, און מי קאָן דאָס נישט מאַכען אַנדערש, חאָטש גנה דראַפּע זיך אַף די גלייכע ווענט.

און אַזוי איז דאָס געבליבען אַף אַלע צייטען. שמעון און לוי זענען שוין לאַנג געשטאָרבען, אָבער זייער שאָטען איז געבליבען נאָך פון יענער זייט קבר. די בני־שמעון, זיי און זייערע קינדער, זענען תמיד געווען די גבירים פון שטאָט, און איטליכער, וואָס איז אַריינגעקומען אין זייער משפחה, האָט מצליח געווען; און די בני־לוי האָבען זיך כל־ימיהם געמאַטערט און אפילו איינער פון זיי איז נישט דערגאַנגען צו אַ רעכטען מעמד. די בני־שמעון האָבען גע־וואוינט אַלע אין דער נייער שטאָט, אינאיינעם מיט די ראָקטוירים און די אַפּטייקערס; און די בני־לוי זענען אַלץ געזעסען אין דער אַלטער שטאָט אין קליינע הייזלעך און קיינמאָל איז זיי נישט אופגעגאַנגען די זון. — —

אָט דאָס זאָגט דער פּסוק: ושני גוים בבטנך! —



# לייבוש־מאיר קאָכלעפעל

לייבוש־מאיר איז געווען אַ יור מיט אַ געלער באָרד און אַ שטאַרקען האַלדז און אין גאַנצען אַ באַלייבטער. אין קליידען זיך איז ער נישט געווען דער גרויסער מקפיד: ער האָט געקאָנט אָבטראָגען אַ קאַפּאָטע אַ סך יאָר כסדר; דערפאַר אָבער האָט ער געהאַלטען פון עסען. ער האָט ליב געהאַט פּופּעקעס, לעבערלעך, געפּרעגעלטע העלדזלעך און דאַרע קישקע; און טאַקי אַריינגעטון אַ סך פעפער, אַז סי זאָל ברענען און מי זאָל קאָנען דערנאָך פאַרטרינקען מיט ניינציגער, און פונ׳ם גאַנצען שטאַרק הנאה האָבען... גע־הערען האָט ער געהערט צו די בעלי־בתים פון שטאָט, און געוואוינט האָט ער בעל־הבתיש מיט מעש און פיינע בענקלעך; אָבער געהאַט האָט ער קיינמאָל נישט זיין אייגענס אַ זעקסער, און אַ רעכטען מסחר האָט ער אויך נישט געטון. וואָס איהר ווילט, איז ער געווען: אַ מוכר־תבואה׳ניק, אַ מבין אַף וואַלד, אַ שליש, אַ מעקלער, אַ דרייער, אַמאָל גאָר אַ שרכן ביי נגידים, אָדער אַ שליח־מיוחד אין אַ גרויסען ענין. אין אילעמען האָט ער געוואוסט און צו אילעמען האָט ער געטויגט. וואו סי זענען געשטאַנען צוויי, איז ער געווען דער דריטער. דאָ גלייכט ער אויס מענשען; דאָ רעדט ער רכילות און טראָגט אַריין אַ שנאָה

צווישען גוטע פריינד. איז אַ מחלוקת צווישען דעם רב און די שוחטים, איז ער אַף ביידע צדדים... קריגט זיך די קלויז מיט'ן בית־מדרש, איז ער תמיד דער הויפּט־טוער און דערנאָך מאַכט ער אַליין שלום. אַף חתונות און אַף בריתן איז ער אַוודאַי אַ בעלן. דאָ געהט ער גאָר מיט'ן רב קלייבען געלד אַף מעות־חטים, גיט אַליין צוויי קערבלעך און דערוויל באָרגט ער צען... אין אַלע קלייטען איז ער שולדיג, ביי אַלע ווײנשענקערס האָט ער קאָנטע; און אַף איהם זאָגט דער פּסוק: ער וועט אייך קיינמאָל נישט לייקענען און קיינמאָל נישט באַצאָלען. איינגאַנצען אַ גוטער ברודער, אַ שטיק לץ, האַלט מיט משכּילים און מיט חסידים אינאיינעם. קען אַ סך נייעס און ווייסט צו דערציילען פון פּריצים און גרויסע שטעט... דאַכט זיך, ער שאָקעלט אייך צו מיט'ן קאָפּ, און פונדערסטוועגען זענט איהר דער נאַר און ער דער קלוגער. אַנ'אמתער שובעניק און אַ לעבעדיגער יונג. זיצט נישט איין מינוט אַף אַנ'אָרט. שטעקט אומעטום, ווייסט פון אַלע סודות, האָט ליב צו זאָגען אַ ניבול־פּה, דערציילען ווערטלעך. מיט'ן פּריסטאַוו איז ער אויך אַ קנעפּעל, האָטש מיט'ן רוסיש הינקט עס ביי איהם אַביסעל, אָבער אַזוינער קומט ביי נאַטשאָלסטוואָ צו־ניץ... זעצט מען איינעם אַריין און מי דאַרף איהם אַרויסנעמען, פאַרשטעהט מען זיך אַפּ'ן וואונק. און גלאַט אַזוי הייסט ער איינעם ברענגען דעם פּריסטאַוו אַ היטעל צוקער, דעם — אַ פונט טיי; און איז גאָר אַ האַרבע שאלה, נעמט ער אַף צו כּלומפּערשטען אַליין אַ דרייערל... היינט זעהט מען איהם

שטעהן מיט'ן אוריאַרניק, מאָרגען טרינקט ער בײם גלח טײ. אַפילו צום פּאָמעשטשיק האָט ער אַ צוטריט. אַז מי וויל בויען, איז ער אַ מאַכער אַף צו באַקומען דעם פּלאַץ. קומט דער סאָוויעטניק וועגען בלעטלעך אַף קלײטען, איז ער דער שליח; און קומט, להבדיל, אַ רבי אין שטאָט אַרײַן, מוז ער זײַן פון די ערשטע צען און גיט עצות. און אַז סי קומט אינמיטען אַ מסירה'לע, איז ער טאַקי דער, וואָס פאַרגלעט און זאָגט דעם רבין: האָט קײן מורא נישט, איך נעם אַלץ אַף מיר. בײ איהם איז נישטאָ בטל צו ווערען, צי פאַרלירען דעם קוראַזש. אָבער דערפאַר אַלײן, ווײל ער מאַכט דאָס אָהן גאוה, איז ער אומעטום אַ אָנגעלעגטער גאַסט, חאָטש תּמיד איז ער דער נעמער און נישט דער געבער...

בײ איהם איז אַפילו נישטאָ דער געפיל: איך האָב נישט קײן געלד, הײנט מוז איך אײך באַצאָלען. וואָס הײסט מוזען? וואָס הײסט נישט האָבען? האָב איך נישט, האָט ענער, ערגעץ איז דאָך דאָ געלד אַף דער וועלט, אַ גאַנ־צער כלל איז נישט אָרים... דאָס איז דאָס; צו איהם האָט עהאַט אַ שײכות די גאַנצע שטאָט און פון איטליכען האָט ער אַרויסנעצווינגען אַ קערבעל, אַז ער האָט באַדאַרפט. ליבוש־מאיר האָט טאַקי אַ חלק בײ איטליכען, דאָס איז זײן בײ איהם אַזוי געוועזען פון תּמיד אָן; סי איז דאָך פאַראַן אַ רשות־הרבים...

ער גלײבט אין גאָט און טוט פון אַלדעם, וואָס אַ ייד דאַרף צו טון, און פונדעסטוועגען איז דאָס איהם נאָרנישט נוגע.

ער לענט תפילין, אַליי ער טוט אָן אַ לייבעל, און ראַוועגען איז ביי איהם אַזוי ווי אַ רערעכץ... און אַז מי וויל, קען ער גאָט גוט אָבנאַרען און זאָגען אַזוינס, וואָס ווען אַן׳אַנדערער וואָלט דאָס געזאָגט, וואָלט דאָס געווען אַפּיקורסות... צי ער איז אַן׳עם־הארץ, צי אַן׳איידעלער יוד, ווער איהר קיינמאָל ביי איהם נישט דערגעהן. פון אילעמען ווייסט ער צו ביסלעך און פון אילעמען האָט ער אַביסעל געגאַשט, און סי איז איהם גענוג צו הערען דעם נאָמען פון אַ שטאָט, כּדי צו רערען וועגען איהר אַ האַלבע שעה. אין קיעוו, אין דער גובערניע, איז ער אויסגעבאָרען, און סי איז אַ סברה, אַז ער איז דאָרט קיינמאָל נישט געווען... און אַפילו לייפּציג, צי בראָר, צי קישינעוו, צי חערסאָן, צי די קאַראַאימען אין אָדעס, צי בראָדסקי, וואָס ווייסט ער נישט? און אַז סי ווערט אַ מלחמה, איז ער דער ערשטער ידען און דער־קלערט אייך איטליכס געשלעג מיט׳ן פיינר. קומט אַרויס אַ נייער אוקאַז, ווייסט ער אייך אַלע פּרטים... פון הלכות פּריזיוו איז גאָר נישט צו רערען. ביי אַ ריעלע, וועגען אַ ירושה, דרינגט ער אייך אויס כּל־מיני אַרוואָקאַטססטוואָ. און ווער שמועסט אין עניני רפואות, אַז גאָט העלפט, און סי געהט אַרום אַ שלאַפקייט, — ווען אין לאַריזען וואָלט נישט געווען לייבוש־מאיר, וואָלט איטליכען געפעלט די רעכטע האַנד.

אַזאַ יוד מוז זיין אין שטאָט, סי איז עפּעס אַ מין קיט, וואָס קלעבט צוזאַמען אַ סך מענשען. פאַר לייבוש־מאירן שעמט מען זיך נישט. איהם דערציילט מען פון אַ ענין־בית,

אַ ענין־משפּחה, צי ווען איינער האָט אַף זיך אַ פּעקעל, וואָס איז בסור־סורות, — און אין אַ ענין־שרכנות, וואָס דער שידוך שמעקט שוין גאָר מיט פּאָליטיקע, איז ער אַוודאַי דער בעסטער בעל־יועץ און ווייסט שוין וואָס סי פירט צו אַנ׳עק. ער איז אַ שטיק ספר־הזכרונות און האַלט צו די קלאַמקע ביי דער טיר פון יעדער זאַך...

איך מוז אייך אויסזאָגען, אַז לייבוש־מאיר האָט געהאַט אַ ווייב אַ דאַרע און אַ חולנית, און אַ חוץ די צייט פון אָנ־בייסען און וועטשערע, האָט ער פיינט געהאַט צו זיצען אינ־דערהיים. דאָס האָט איהם געשאַרפט דעם מח, און דאָס האָט איהם געמאַכט פאַר אַ מרוצה־לרבים. — אַז ער איז מער אַף דער גאַס און ביי יענעם, ווי ביי זיך. אַז ער געהט אַף אַ שמחה׳לע צי גלאַט אַזוי מיט אַ אויסרעד, כּדי צו פאַרזוכען גוטע וואַרעניקעס צי קנישעס צי גאָר גריווען און זעצט זיך אַנידער ביי יענעמס טיש, איז ער געהויבען ביז אין זיבעטען הימעל. עסען בחברותא איז ביי איהם געווען אַ שטיק גן־ערן, און לעבען אַפּ׳ן גאַס — דאָס איינענע, ווי דעם פיש אין וואַסער — דאָס דרייערל, וואָס מי חאַפּט אין מאַרק, האָט גאָר אַנ׳אַנדער טעם. נישט דאָס געלד איז דאָ דער עיקר, נאָר דער אופטו. ביי איהם איז געווען אַ חראַבראָסט צו מאַכען מיט ליידיגע פינגער אַ פּסח מיט וויין און מיט ענדיקעס און מיט כּל־מיני־מאכלים־טובים, און גאָר־נישט , וואו האָט ער דאָס גענומען? ער ווייסט אַליין נישט, דאָ, דאָרט, ניסים, געליהען, געבאָרגט, פאַרדינט, טוויזענד פּלאַים און אַזעלכעס האָט ער ליב. וואָלט איהם צוגעפאַלען

אַף איינמאָל אַ ירושה פון טויזענר רובל און ער וואָלט נישט באַראַרפט צו דרייען און צו חאַפּען, וואָלט ער געווען אומ־גליקליך. ביי איהם איז געווען זיין אופן צו לעבען, ווי ביים פויגעל דאָס פליען אין דער לופטען און ווי ביים טיפען לערנער דער „מהר״ם־שיף׳...

לייבוש־מאיר האָט געהאַט פיר טעכטער: וויטע, ביילע, שיינרעל, בראָנע. צוביסלעך מיאוס און קיין אַנדערע מעלות אויך נישט, נאָר פּשוט גרויסע מיידען, וואָס מי דאַרף זיי מאַכען חתונה און געלד האָט מען ניט צו זיי; און פונ־דעסטוועגען זענען זיי אַזוי פאַרזאָרגט, הלוואַי אַף אַנדערע יודישע טעכטער געזאָגט געוואָרען. נרן צוגעזאָגט און נישט געסילוקט אַ גראָשען; מבטיח געווען פינעף יאָר קעסט און אָבגעפּטרט מיט אַ פּאָר חרשים; הלבשה און מתּנות אַריינגעשריבען אין די תּנאים, און דער יונגערמאַן האָט שוין אַ האַלב יאָר נאָך דער חתונה געמוזט מאַכען זיין ווייב נייע קליידער; און מיינט איהר, ער האָט אָנגעהויבען צו זאָגען, אַז מי האָט איהם אָבגענאַרט? ניין, אסור. לייבוש־מאיר האָט באַוויזען אין די שידוכים פון זיינע טעכטער און אין זיין חתונה־מאַכען זיי מיט מענער מיט פּרנסה און לייט און פון שיינע הייזער אַזוינע קונצען און אַזוינע מיני בריה׳שאַפט, אַז סי איז באמת געווען צום חידושן זיך. פון אָנהייב ביז׳ן סוף איז דאָס געווען אַ מין דרייען, אַ מין אַיינרערען, אַ מין יענעם פאַרשפּינען מיט טויזענר פּערים, און כלומפּערשט מיט אַ האַרץ פון אַ פאָטער, וואָס פאַר זיין קינר לאָזט ער זיך אָבשניידען די פינגער, און מי דאַרף נאָר צו זיין זיין

איידעם, כּדי צו וויסען וואָס פאַר אַ גליק סי איז אָנצוקומען אין אַזאַ שטוב ווי זיינע... איהר קאָנט אייך נישט אויס־מאָלען, ווי אַזוי ער פלעגט רעדען מיט זיינעם אַ מחותּן און תּמיד רק בּרייטלעך. ער, לייבּוש־מאיר, נעמט אַלץ אַף זיינע פּלייצעס. די קינדער און נאָר די קינדער, דאָס איז געווען איטליכס פינעפטע וואָרט. און דער מחותּנתטעס יזיך האָט ער געלויבּט אין טאָג אַריין, און פון דעם אַיינגע־מאַכץ געלעקט די פינגער, און איז דער מחותּן אויך געווען אַ קלוגעטשקער און האָט אָנגעהויבּען צו מאַכען העוויות און געגעבּען אַ רעד מכּח אַיינלעגען דעם נדן, — האָט ער גלייך אָנגעהויבּען מיט איהר, טאַקי מיט'ן חתנס מוטער, און זיך אַנידערגעזעצט מיט איהר אַף פיר שעה שמועסען און אָנגעהויבּען אויסצוהערען פון איהר מששת־ימי־בּראשית אָן; ווי אַזוי זי האָט דעם חתן געהאַט, און ווי אַזוי סי איז איהר תּחילת געווען שווער אַפּ'ן האַרצען, אַז זי איז מיט איהם פאַרגאַנגען אין טראָגען... און ווי זי האָט איהם מגדל געווען און גלאַט אַזוי צרות. און צום סוף לאָזט זי אַרויס אַ טרער... און דאָ האָט לייבּוש־מאיר אָנגעהויבּען, — די קינדער דאַרפען נאָר קומען צו איהם, אין זיינע הענד, ער וועט שוין די קינדער שטעלען אַף די פיס. וכך־הוה! אַ בּאַזונדער מזל האָט ער צו זיי געהאַט און זיי אויך. אָהן נדן אָנגעהויבּען און זיי זענען שוין בּטוּחים אין לאַריזען.

אַזוי איז מען אַ יוד שוין מיט פיר אויסגעגעבּענע טעכטער, און מי האָט נישט אַ פּיאַטאַק... און מי לעבּט, ווי אַלע מענשען. און מניה־וּביה איז מען שוין געוואָרען איבּער

פופציג יאָר, און נייע דורות וואַקסען אויס מיט רוסיש און מיט קענטניכצען — און לייבוש־מאיר איז אַלץ דער אייגענער. געבען אַ טראַכט מכח יענער וועלט, דאָס האָט ער ניט אין זינען. דערווייל איז מען דאָ און מי דרייט ווייטער... אַזוי האָט לייבוש־מאיר אָבגעלעבט זיינע פינעפ־אונזעכציג יאָר אָהן אַ גראָשען און אָהן גרויסע ירושות און האָט מער געהאַט פון דער וועלט, ווי אַ סך אַנדערע. — —



# דער ליגנער

שלום־לייזער, אַ הייסינער יוד פון דער נייער שטאָט, די גראליכע באָרד איז אַ ביסעל אונטערגעשוירען. טראָגען טראָגט ער אַ געפּרעסטען קאָלנער און אַ ריינעם סערדוט, די שטיבלעטען זענען אַלע טאָג געפּוצט. צו די פרומע געהערט ער נישט, און אַז ער וויל יענעם איינרערען, אַז ער האַלט לחלוטין מיט די היינטיגע, ליאַפּעט ער אַף יורען. — אָבער יום־כיפּור צי גלאַט אַזוי אינדערפרי ביים דאַווענען גיט ער אַ שטילען חליפּ. ער קומט אַפילו אַרויס פון נגידים, אַליין איז ער שוין אָבער לאַנג נישט קיין עושר. געלעבט האָט ער כל־ימיו פון דער ירושה, וואָס איז איהם געבליבען פון זיין מאַמען. דאָס הייסט, ער האָט אַלץ אופגעגעסען און האָט פאַרקויפט איין קלייט נאָך דער אַנדערער, דער־נאָך דעם זילבער און דעם ווייבס צירונג, דערנאָך אַפילו דעם גוטען טכוירענעם טולופּ. און די שיינע שטוב, וואָס איז איהם נאָך געבליבען מיט׳ן מעבעל, איז שוין צען מאָל פאַרזעצט, — הכלל, ער האָט נישט קיין אייגענע האָר אַפ׳ן קאָפּ. און גיט איהם אַ פרעג, גלייבט ער נישט, אַז אַנדערע האָבען יאָ: אַלע נגידים זענען פאַרשולדיגט ביז

איבער די אויערן, און די, וואָס האָבען נאָך נישט אָנגעזעצט, וועלען נאָך אָנזעצען. סי איז נישטאָ קיין אמת אַף דער וועלט! יענע יאָרען איז געווען נאָר אַנדערש, געלד האָט מען געשאַרט מיט די לאָפּעטעס; און ער אַליין, אַז ער האָט אָנגעהויבען צו האַנדלען נאָך דער חתונה, האָט ער פאַרדינט אין איין חודש, וואָס ליבערמאַן אין קיעוו פאַרדינט היינט אַ יאָר. אויך די פּריצים פון אַמאָל זענען געווען גאָר אַנדערע פּריצים און דער מסחר איז געווען גאָר אַן־אַנדער מין מסחר. וואָס האָט איהם רעמאָלט געפעלט? אַוואו האָט ער נישט אָנגעשפּאַרט? הערט אַזאַ מעשה: ער קומט איינמאָל צו פאָרען קיין קיעוו און וואוינט אַפּ'ן קרעשטשאַטיק אין אַ ערשטען נומער. קלאַפּט עס אין דער טיר, און ווער קומט אַריין? פּאָטאָצקי. פּאָטאָצקי אַליין און זאָגט איהם: דיר, שלום־לייזער, גיב איך איבער דעם גאַנצען צוקער אַף קאָמיסיע, פון אַלע מיינע סאַכאַרנע זאַוואָדען. איינמאָל האָט ער מיר־ליד געחאַפּט למ"ד אלפים קערבלעך פּראָוויזיע. ער פלעגט אַזויפיל פאַרדינען, אַז סי איז איהם נמאס געוואָרען רעכענדיג... און געפירט האָט ער די גרעסטע מסחרים אָהן אַ שרייב־פּענדעל און אַלץ אַפּ'ן קאָפּ. שוין צוריק מיט דרייסיג יאָר האָט ער נערערט פּויליש, אַז אַלע פּריצים האָבען זיך געחידושט. און ווי איז ער געגאַנגען אָנגעטון! קאָרט אַף אַ סערדוט פון פּופּצען רובל אַנ'אַרשין, — יאָ, פּופּצען רובל, ווי איהר זעהט איהם לעבען. און זיין ווייב האָט געטראָגען אַ זיידען קלייד פון דעם אייגענעם זיידענס, וואָס אפרתים און

בראָדסקים טעכטער האָבען געטראָגען. איהר ווייסט נישט, וואָס ער האָט געקאָנט. אַז סי האָט זיך איהם פאַרגלוסט אַ פּאָר קאַשטאַנעס, האָט ער פאַר זיי באַצאָלט פאַר איט־ליכען צוועלעפהונדערט רובל. וואָס האָט בּיי איהם גע־זנאַטשעט אַ טויזענדער? ווער האָט ראָס געהערט, ווי היינט, אַז אַכציג קאַרבּאָנצעס זאָלען אויסמאַכען אַ גרויסען פאַרדינסט, צי גאָר אַ פינעפאונצוואַנציגער! רעמאָלט האָט ער טאַקי געקאָנט נעמען אַ גאַנצען פּופציגער און פאַר־רייכערן דערמיט אַ ציגאַר. און טרעפט, וואָס ער האָט אַמאָל נעגעבען פאַר אַ בּוטעלקע אונגאַרישען וויין אַף אַרבּע־כּוסות, — דרייסיג קערבּלעך, ווי איהר זעהט איהם לעבּען.

שלום־לייזער האָט אויך נישט פיינט געהאַט אַ בּיסעל משקה, אַמאָל — אַז ער האָט געקאָנט — גוטע און היינט אַפילו שלעכטע... און אַז קיינער האָט נישט געזעהן, האָט ער זיך אַריינגעחאַפּט אין אַ קעלער און האָט געטרונקען פון פינעפאונצוואַנציג גרולים אַ פלאַש. און וואָס סי איז מיט איהם געגאַנגען אַרונטער, האָט ער אַלץ געזאָגט גרעסערע ליגענס. ווער פאַרשטעהט, ווי ער, אין זאַכען פון צירונג, פון בּריליאַנטען און פּערעל: האָט ראָך זיין ווייבּ געטראָגען פּערעל, וואָס זענען געווען אַזוי גרויס ווי קליינע האָזערנע ניס. פאַר אַ פּאָר אויערינגלעך האָט ער באַצאָלט מזומנע פינעפטויזענר קאַרבּען, און אַ סך מבינים האָבּען געזאָגט, אַז ראָס איז נאָך אַ מציאה. היינט פּוצען זיך אַלע מיט וואַרשעווער זילבּער, מיט אָנגעגילטע קייטען, סי איז רער עולם־השקר אין אילעמען, וואו איהר קוקט אַריין.

רעמאָלט, אַז סי האָט בײַ איהם געקנאַקט, און זיין נאָמען איז געגאַנגען ווייט איבער פּרייסען, האָט ער אַמאָל אַ פּאָר געטון קיין אונגאַרן. וואָס מיינט איהר, וואָס פאַר שטעט מי זעהט דאָרט! ווי די מענשען געהן אַרום מיט די רויטע באַקען און מיט די גראָבע טייסטערס. און געהן געהט מען אַף גאָלע ווייסע שטיינער. וואָס איז אַפילו קיעוו קעגען טשערנאָוויץ! האָט איהר אַ השגה, וואָס ער האָט דאָרט געזעהן און וואָס ער האָט פון דאָרטען מיטגעבראַכט: אַ זייגער, וואָס אַז ער פלעגט שלאָגען, האָט ער אָנגעהויבען אַליין צו שפּילען, און סי זענען אַרויסגעפלויגען צוויי פויגלען, וואָס האָבען געפּיפּסט, ווי לעבעדיגע...

און מיינט איהר, נאָר גוטס, גאָלע גוטס האָט ער געזעהן אין לעבען? שלעכט איז איהם אויך אַמאָל געגאַנגען; סי האָט געהאַלטען אַזוי, ער זאָל פאַרלירען אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט. וואָרום ער איז דאָס מאָל געווען שטאַרק פאַרקראָכען אין צוקער, און צוקער איז דעמאָלט געפאַלען מוראדיג... אַז ער וואָלט נישט געווען ער, שלום־לייזער, און סי וואָלט געווען אַנ׳אַנדערער אַף זיין אָרט, וואָלט ער צען מאָל גע־בראָכען דעם קאָפּ. וואָס־זשע טוט ער? ער געהט אַריבער צו הענאַכן, און זאָגט איהם: הענאַך, באָרגט מיר פּופּציג־טויזענד קערבלעך אַף דריי חרשים, כּדי איך זאָל קאָנגען אַלץ רעקען, און גלייבט מיר, סי זאָל נישט זיין אייער שאָרען. און הענאַך נעמט און גיט איהם די פּופּציגטויזענד רובל און אָהן אַ שום חתימה׳לע, נאָר אַפּ׳ן וואָרט. ער האָט אַלעמען געצאָלט, און דערנאָך, אַז ער האָט געהאַט כּח

איבערצוואַרטען, איז דער צוקער ווידער געשטיגען, און שלום־לייזער איז ווידער פון אויבען.

וואָס איהם האָט אין לעבען געטראָפפען! אַמאָל, אַז ער איז געפאָרען אַף אַ שליטען אין וואַלד, האָט ער באַגעגענט צוויי וועלף. דער גוי, וואָס איז מיט איהם געפאָרען, האָט זיך דערשראָקען און האָט נישט געקאָנט זיך רירען פון אָרט; ער אָבער האָט אַרויסגענומען דאָס פעקעל שוועבעלעך און האָט אָנגעצונדען אַ סירניקעל, זענען זיי אַנטלאָפען!

וויפיל מאָל איז ער שוין געווען טויטקראַנק, אַז די דאָקטוירים האָבען זיך פון איהם מיאש געווען; דריי טעג איז ער געלעגען אָהן לשון, און מ'י האָט שוין אָנגעהויבען איהם צו באַוויינען, און אַפ'ן פערטען טאָג איז ער אופגעשטאַנען פריש און געזונט און אַלע האָבען זיך נעחידושט. אַז ער האָט אַ גוף ווי פון אייזען. פרובט איהם לעגען אַ גליענדע קויל אין האַנד, צי ער וועט אייך געבען אַ פיפס צי אַ מאַך מיט'ן אויג. אַ רופא האָט איהם אַמאָל געצויגען דרייצען פעניאַקעס אַף איינמאָל, און ער זאָל זיך געבען גאָר אַ קרים. אַז סי האָט געברענט אין הייסין די גרויסע שול, איז ער אַריינגעשפרונגען אין פייער אַריין און האָט אַרויסגעטראָגען דעם גאַנצען אָרון־קודש מיט אַלע ספרי־תורות. מיט יוחנן עטינגער האָט ער אַמאָל זיך געוועט, ער וועט נעמען אַ מילשטיין און זיך דריי מאָל מיט איהם איבערדרייען, און ווער האָט געוואונען? ער.

אַזוי האָט ער זיך אַיינגערעדט אין אילעמען, וואָס ער האָט גערעדט, און האָט תמיד געגלייבט, אַז ער זאָגט דעם

אמתן אמת. סי איז ביי איהם געווען אַ תענוג אַזוי פון זיך צו רעדען, און אין האַרצען האָט ער געפילט, אַז מי מוז דאָך די היינטיגע דורות ווייזען, ווי אַזוי מי האָט אַמאָל געלעבט און וואָס דער מענש האָט אַלץ געקאָנט...

קיינעם האָט ער נישט ליב געהאַט, אַפילו נישט זיין אייגענע ווייב און קינדער! און פונדעסטוועגען האָט ער געוואָלט, סי זאָל אין אילעמען אַריין אַנ׳אַנדער השגה; דער עיקר איז, אַז מי דאַרף נישט אַרומגעהן צונויפגעשנירט און זיין אין אילעמען אָבגעמאָסטען און מורא האָבען און פלאַטערן. חראַבראָסט! דאָס איז געווען זיין זאַך. הייסט איהם אַריבערשווימען דעם גרעסטען טייך, צי נאָכיאָגען גנבים, אַז זיי האָבען בּיינאַכט איינעם באַגנבעט. אַפילו פאַר פאָניען אַליין האָט ער אויך נישט מורא געהאַט. האָט ער נישט אַמאָל דערלאַנגט אַ פּאָמאָשטשניק־פּריסטאַווו אַ מזומנעם פּאַטש? און אַ חוץ־דעם, וואָס מי האָט איהם נאָרנישט געטון, איז נאָך יענער אַראָב פון בענקעל...

און ווי ער האָט אַזוי גערעדט און זיך געריממט אין טאָג אַריין, איז איהם געגאַנגען אַלץ ערגער און ערגער. די שטוב האָט מען ביי איהם שוין צוגענומען און געוואוינט האָט ער אין שכנות. זיין בורנוס איז געווען אַזוי אָבגעטראָגען, אַז סי האָבען זיך פון איהם געצויגען די פעדים. אַ געפאַלענער און דער אמתער יורד... און אַצינד, ערשט אַצינד פילט ער זיך אַריינגעזועצט גאָר אין אַנ׳אַנדער מין וועלט. האָט ער דאָך אַמאָל געוואוינט זומער אַף אַ דאַטשע, אין יענע יאָרען, וואָס אַפילו יחידי־סגולה האָבען דאָס נאָך נישט געטון.

עפּעס לעבען אַזוי אין אַ ראָרף און האָבען פאַר זיך אַנ־אָגאָראָר, און ראָ זיצט מען ראַכט זיך שטיל און אינדערהיים דרייען זיך די מסחרים און סי לויפען אָן די קוויטעס אַף די טויזענדער...

וואָס איז בּיי איהם געווען פאַרדינען? וואָס האָט בּיי איהם געזונאַטשעט אַ מסחרל? מענשען האָבען פון איהם געלעבּט און נישט ער פון אַנדערע. גיט אַ פרעג, אויב אימיצער האָט אַף איהם זיך בּאַקלאָגט, אויבּ ער האָט זיינס נישט אריבּערגעלאָזען. אַ כּלל האָט ער בּיי זיך געהאַט — זיך נישט צו סודיען, וואָרום ער האַלט נישט פון אַזוינע זאַכען. פונרעסטווענען, אַז סי איז איהם אַמאָל דערגאַנגען בּיז אין דער לעבּער, האָט ער געפירט אַ ריעלע בּיז קיין פּעטערבּורג און בּיז צום סענאַט און האָט געוואונען, חאטשי די גרעסטע אַרוואָקאַטען האָבּען געזאָגט, אַז ער וועט פאַרלירען. דערפאַר האָט ער ראָך זיין קאָפּ און הייסט שלום־לייזער.

און שלום־לייזער איז נאָך מער געפאַלען. פיל מאָל האָט מען איהם אַרויסגעוואָרפען פון דער דירה, וואָרום ער האָט נישט געהאַט צו צאָלען דירה־געלד. די בּנים זיינע זענען געוואָרען שאַרלאַטאַנעס, און האָט ער זיי גע־פּרובּט זאָגען אַ וואָרט, האָבּען זיי דעם אייגענעם טאַטען געקאָנט מבוזה־ומבזה־זיין. אויסגעזעהן האָט ער אויסגע־דעווערט. און האָט ער אַמאָל דערטאַפּט אַ בּאַקאַנטען און געקריגען בּיי איהם אַ האַלבּ קערבּעל, האָט ער דרייסיג קאָפּיקעס געבּראַכט אַהיים און צוואַנציג האָט ער אַוועק־

געגעבען אין אַ שענק און זיך אָבגעווישט דעם מויל. — דער צער זיינער און דער כעס אַף דער וועלט, וואָס באַשטעהט פון לויטער ליידינגעהערס און קיינער פאַרשטעהט נישט צו געהן אינ׳ם רעכטען וועג, אַזוי ווי ער האָט פאַרשטאַנען, איז געווען גרויס. פריער, אַז ער איז נאָך געגאַנגען אָנגעטון מעשה־מענש, האָט ער חאָטש געפונען פאַר וועמען זיך אויסצורערען. אַצינד שעמט מען זיך מיט איהם אָבצושטעלען אַפ׳ן גאַס. סי איז נישטאָ קיין אמת אַף דער וועלט!



# אין דער וועלט אַריין

משולם־זיסי האָט זיך אופגעהויבען אינדערפרי און האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין דער וועלט אַריין, ווי מי זאָגט, מיט גאָרנישט. וואָס באַדאַרף אַ יוד אַפּ'ן וועג מער, ווי אַ פּאָר העמדער און אַ פּאָר תחתונים אַריינגעלעגט אין טלית־און־תפילין אַריין און צונויפגעבונדען מיט אַ פאַטשיילע; נאָר איין קלימעקעל נעמט מען מיט און דאָס איז דער בטחון, דער בטחון אינ'ם בורא, אַז ער וועט ניט פאַרלאָזען. משולם־זיסי האָט אַליין נישט געוואוסט, ווי סי האָט זיך היינט געגומען צו איהם דער רצון צו געהן אין דער וועלט אַריין, נאָכדעם וואָס ער האָט אָבגעלעבט אין אָחרימאָווע זיינע רוב־שנים. ער האָט פשוט גענומען דעם שטעקען אין האַנד אַריין און האָט געזאָגט: רבונו־של־עולם! אַז דיר איז ניחא, אַז איך זאָל אָבלעבען דאָ אַזוי פיל יאָרען און זאָל מיך נישט צושלאָגען צו אַ שטיקעל מעמד, וועל איך דיר ווייזען, אַז איך פאַרשטעה דיין וואונק. למאַי זאָל איך מיך געזעגענען מיט דער ווייב און איהר אָנטון יסורים? וועל איך קומען צוריק אַהיים מיט עפּעס, איז גוט; ווען נישט, צו וואָס טויג איהר דער דלות אין צווייען? געלויבט זאָל זיין דיין נאָמען, אַז איך מאַך חאָטשי נישט קיין ויברח. אָנגעזעצט האָב איך קיינעם נישט און כל־ימי האָט מיר

קיינער נישט געוואָלט לייהען קיין גראָשען. אָחרימאָווע דער־
לענט נישט צו דעם, וואָס איך גער אַוועק. נאָר דאָס, וואָס
סי בלייבט ווייניגער מיט אַ קבצן. אַזוי האָט משולם־זיסי אַ
שטאַרקען שמעק טאַבעק געטון און זיך געמאַכט אַ האַרץ.
עפּעס אַ קלייניקייט, אַ יור אין זיינע יאָרען, וואָס איז שוין
גראָליך געוואָרען, און די פיס זענען שוין אויך נישט בּיי די
כּחות, לאָזט זיך אַוועק פון זיין שטאָט און הייבּט אָן צו זוכען
אַ נייען מזל. אַ מיוּחס איז ער אַפילוּ נישט, און ער איז געווען
געוועהנט אויסגעריסען און פאַרשוואַרצט צו ווערען, אַבּי
צו פאַרדינען דאָס שטיקעל בּרויט. אַזאַ מחוסר־פּרנסה, ווי
ער איז אין אָחרימאָווע, האָט איהר רען געזעהן? צו זיין אַ
מחוסר־פּרנסה און צו האָבּען חלה אַף שבּת און אַ פּיצעל
פיש איז נאָך נישט אַזוי שלעכט; אָבּער ניט קיין פּרנסה און
ניט קיין חלה אַף שבּת און אַפילוּ ניט קיין בּרויט אין שטוּב,
וואָס דאַרפט איהר מער? לאָמיר זיך נישט נאַרען, אַז
משולם־זיסי האָט בּיי זיך גוֹמר געווען דעם ענין אָהן אַ
רבּין און אָהן אַ בּעל־יוֹעץ, מסתּמא האָט ער געפילט, אַז
סי קאָן שוין אַנדערש נישט זיין, און אַף דער אמתן איז
דאָס אַ סך בּעסער, ווי צו בּלייבּען זיצען אינדערהיים און
זיך קראַצען, ווי אַנדערע, בּיי דער הרוּבּע און וואַרטען אַף
אַ נייעם יציאת־מצרים, וואָס מי רופט דאָס אַרגענטינע
צי אַמעריקע. משולם־זיסי האָט נישט געוואוסט פון אַזוינס.
ער האָט נאָר געוואוסט, אַז סי איז דאָ אַ וועלט און די וועלט
איז גרויס, און אַז מי לאָזט זיך אַוועק, שלאָגט מען זיך
שוין צו צו עפּעס...

ביי דער ערשטער קרעטשמע, ווי מי געהט קיין ראַשעוו, האָט זיך משולם־זיסי אַנידערגעזעצט און האָט אָנגעהויבען טראַכטען... משה־בער דער קרעטשמער האָט איהם גוט געקענט. אַ יורישע נשמה קאָן מען נישט אַוועקמאַכען. ער האָט איהם גלייך געגעבען אַ טרונק בראָנפען, און רווקא אומזיסט, און רווקא שלעכטען, און אַ שטיקעל ברויט מיט אַ אוגערקע אויך, און האָט איהם געהייסען זיך וואַשען. גאָרנישט, צו אַ מצוה לעגט מען נישט צו! משולם־זיסי האָט זיך גאָרנישט געפּרובט נאַריש מאַכען און באַצאָלען; אַז ער האָט אָבגעגעסען און אָבגעבענשט, האָט ער זיך גע־וואָלט אַריינלאָזען מיט משה־בערן אין אַ שמועס און איהם פרעגען, ווי ווייט סי איז נאָך קיין ראַשעוו און וואו מי קאָן נעכטיגען. ער האָט אָבער געזעהן, אַז די זון שטעהט שוין הויך, און ער האָט געוואָלט אָנקומען קיין ראַשעוו בעוד־היום־גדול. משה־בער האָט איהם אויך נישט פאַרהאַלטען.

געשטאַרקט און אופגעמונטערט פון דעם ביסעל עסען און טרינקען, האָט ער שוין נישט מער געהאַט די מרה־שחורה פון אינדערפרי. געטראַכט האָט ער זיך: אַל־תנסו־את־ה׳! ווי קום איך צו וועלען זיין קליגער פאַר גאָט? בין איך אָבגעזעסען אַף איין אָרט אַזוי פיל יאָר און האָב מיך געהאַלטען, וואָס זאָל איך אָנהייבען זוכען נייעס? אַלט בין איך שוין און איידער איך קום צו אַ נייעם מעמד, גיט מען אַ שטאַרב, ולמה־כל־עמלי? און צו וואָס האָב איך מיך געמאַטערט און ווער פאַרוואָנעלט אין דער פרעמד? און אַז מי וויל קלערען צוריק, וואָס הייסט ראָס, געהן אַנטלויפען

פונ'ם אויבערשטען? אַז ער וואָלט געוואָלט, אַז משולם־זיס זאָל האָבען פּרנסה אין אָחרימאָווע, וואָלט ער רען נישט געקאָנט? היד־ה'־תקצר? קען גאָט נישט, אַז ער וויל? און הער ווייסט, טאָמער ווערט מען נאָך פאַרוואָגעלט צווישען ליטוואַקעס? און וואָס איז די איילענעש? פאַרוואָס איז ער נישט געבליבען איגדערהיים איבער שבת? ווי געהט דאָס אַ יוד אַרוים אין אַזאַ מהלך־רב אין אַ מיטוואָך, אינ־מיטען וואָך? מאָרגען איז שוין דאָנערשטיג, איבערמאָרגען פרייטיג! אַזוי געהט משולם־זיסי פּאַוואָלענקע און טראַכט: וואָס האָט ער צו חאַפּען? וואָס ער מאַכט אַ טריט, איז אַלץ נעענטער צו אָחרימאָווע, וואָרום ער איז בּאַלד פון דער קרעטשמע געגאַנגען צוריק און האָט זיך גאָרנישט גענומען געהן קיין דאַשעוו. פאַרוואָס האָט זיך איהם פאַרגלוסט צו געהן גראָד קיין דאַשעוו און נישט קיין טעפּליק? טעפּליק וואָלט אפשר געווען אַ סך גלייכער. און וואָס ער קומט נעענטער צו אָחרימאָווע, געפעלט איהם טעפּליק אַלץ בעסער און בעסער, אין טעפּליק האָט ער אויך אַ קרוב...

וואָס זאָל איך מאריך זיין? משולם־זיסי איז געשטאָרבען אַ קבצן אין אָחרימאָווע, טאַקי בעיר־מולדתו, ווי גאָט האָט געבאָטען, און ליגען ליגט ער אַפּ'ן בית־עולם צווישען אַלע קבצנים. תהי נשמתו צרורה בצרור החיים! דער אויבער־שטער זאָל איהם העלפען, ער זאָל חאָטש אַף יענער וועלט זיך צו עפּעס צושלאָגען...



# שלום געוואָרען

## אַ בילד

די פּעדערשטע לאַנגע שטוב ביים שישקאָווער רב. קרומע, שוין לאַנג נישט
געשמירטע ווענט. אַנ׳אַיינגעבויגענע סטעליע, צו דער גאַס אַ קליין פענסטערל, אַף
דעם ליגט אַ צעריסענער, אָנגעשוואָלענער טלית־ותפילין. לעבען דעם פענסטערל אַ
טיר אונטערגעשלאָגען מיט אַ רעדנע. איין וואַנט איז פול מיט ספרים פון אונטען
ביז אַרוף. ביי דער אַנדערער וואַנט, אַנטקעגען, שטעהט אַ לאַנגע הילצערנע באַנק
און פאַר דער באַנק שטעהט אַ לאַנגער נישט־פּאָלירטער טיש צעשניצט און באַלאַפּעט
מיט טויזענד פלעקען. גאַנץ הינטען, אין דער הינטערשטער וואַנט, זענען דאָ צוויי
טירען. איינע פירט אין קיך אַריין צו דער רביצין, און איינע אין אַלקעד אַריין, צום
רבס טאָכטער, וואָס זיצט אַף קעסט. פאַר דער באַנק מיט ספרים שטעהט נאָך אַ
באַנק פאַר צדדים, וואָס קומען זיך לאָדען. און ביי דער וואַנט פון די ספרים איז אַ
צווישענשייד צו אַנ׳אַנדער שטוב, וואָס דאָרט וואוינט דער חזן; דער חזן און דע־
רב פון שטאָט וואוינען בשותּפות אין איין הויז. סי איז אל״ל־צייט. דרויסען איז
נאָך שטאַרק זומערליך. אַ ציג, וואָס האָט געמאַכט אינדערפרי אַ קרום פּנים און
איז דערפאַר נישט געגאַנגען אין טשערעדע, ליגט אין אַ ווינקעל און שלאָפט. פון
דרויסען הערט מען אַ קול: יודען, קויפט קאַוועגעס, צוויי קאַוועגעס פאַר דריי
גראָשען. — אַף דער באַנק פאַר׳ן טיש זיצט דעם רבס איידעם, אַ יונגערמאַן מיט
רויטע אויגען און אַ ציגען־בערדעל און מישט אין אַ חושן־משפט; אויבענאָן אַף אַ
פּראָסט בענקעל זיצט דער רב אַליין, אַ בן־שבעים מיט אַ גרויסען שטאַרקען בויך,
אַ ברייט פּנים און קליינע אויגען מיט קורצע ברעמען. אָנגעטאָן איז ער אין אַ
האַלאַט, וואָס איז פאָרענט גאַנץ אָפען, און סי זעהן זיך אַרויס די תּחתּונים. אין
איין האַנד האַלט ער אַ לאַנגע ליולקע און רייכערט און פאַר איהם אַפ׳ן טיש ליגט
שולמאַנס אַ ביכעל... — עס עפענט זיך די טיר און סי קומט אַריין פּיצי דער מילנער־
אַ יוד פון אַ יאָר פערציג, מיט אַנ׳אָבגעגעסען בערדעל, שוין אַ ביסעל גראָליך, מיט
נאַסע ווייסע אויגען און קרומע הענד; אָנגעטאָן איז ער ווי אַ קבצן מיט אויסגעדרייטע
שטיוועל, אָבגעשאָטען מיט מעל.

**דער רב** (קוקענדיג אין ביכעל): וואָס ווילסט דו,
פּיצי?

**פּיצי**: רבי, איך וויל זיך גטען מיט מיין ווייב.

**דער רב**: זעץ זיך.

פיצי: רבי, איך זאָג דאָס אייך אַף־דער־אמת׳ן. סי דערקוטשעט מיר ביז אין האַרצען אַריין.

דער רב: וואָס־זשע ווילסט דו?

פיצי: וואָס וויל איך זאָגען, איהר קענט אַוודאַי מיין ווייב, חיה־ביילעס טאָכטער?

דער רב: הייב נישט אָן מששת־ימי־בראשית. פאַרוואָס ווילסט דו זיך גטען?

פיצי (קראַצט זיך): איך וויים, אַז אַ יוד וויל זיך גטען, מסתמא ווייסט ער.

דער רב (קלאַפּט אויס די ליולקע און לעגט אָן נייעם טיטון): נישקשה, דערצייל ווייטער.

פיצי: סי נישטאָ וואָס צו דערציילען. מיר ווילען אונז ביידע גטען, אַזוי האָבען מיר אונז ביידע אָבגערערט.

דער רב (צינדט זיך אָן די ליולקע און סמאָקעט געשמאַק): אַוואו איז זי?

פיצי: יאָ, רבי, איהר פאַרשטעהט, זי איז ביי דער אויסגעגעבענער טאָכטער, זי וויל זיך באַוואָרענען, און איך וויל זיך אויך באַוואָרענען. איטליכער מענש שטעהט זיך אַליין נענטער. אָבער איך זאָג אייך, צרות האָט אַ מענש; יאָ, אַז מי לעבט, דערלעבט מען. אַז איינער וואָלט מיר געזאָגט נאָך מיט אַ יאָר צוריק, אַז איך וועל זיך אַף דער עלטער גטען מיט מיין ווייב, וואָלט איך איהם געגעבען אַ שפּיי אין פּנים.

דער רב (רוקט אַוועק דעם ביכעל אָן אַ זייט און הייבט אוף דעם קאָפּ צו פיצין): זאָג דעם אמת, טאָמער חלומט זיך דיר אַלץ.

פּיצי: איך זאָל אַזוי ריין זיין פאַר גאָט, ווי איך שטעה ריין פאַר אייך.

דער רב: ווער שמועסט פון ריין! דער עיקר איז, אַז אַ מענש זאָל ניט דולען אומזיסט אַ קאָפּ. ווילסט דו זיך גטען, מוזט דו רעדען אַנדערע ווערטער, ווילסט דו נישט, באַדאַרף איך נישט אויסצוהערען.

פּיצי: וואָס רעדן בין איך צו אייך געקומען?

דער רב (נעמט אַרויס אַ רויט טיכעל און שנייצט אויס די נאָז גרינדליך).

(פון דער הינטערשטער טיר קומט אַריין אַ יונגעל פון אַ יאָר זעקס אין אַ צעריסענער אַלטער קאַפּאָטע און אויס־געשמירט, ווי פון קוימען און זאָגט צום יונגערמאַן, וואָס הערט שוין נישט מער פּיצין און איז כּלומפּערשט אַריינגעטאָן אין דער תּורה): טאַטע, איך האָב מיר איינגעשניטען מיט אַ מעסער.

דער יונגערמאַן: געה צו אַלדע רוחות; טאָמער האָב איך מיך אַנידערגעזעצט לערנען, קומט ער צוגעהן און לאָזט נישט צו־רוה.

פּיצי (צום יונגערמאַן): דאָס איז אייער יונגעל, יוחנן?

דער יונגערמאַן: יאָ, מיט לעבען און געזונט.

דאָס יונגעל: טאַטע, קום אַהער, וועל איך דיר ווייזען, ווי איך האָב מיך צעקאַלעטשעט.

דער יונגערמאַן: ווער האָט דיר געהייסען זיך שפּילען מיט אַ מעסער?

דאָס יונגעל (פאַרוויינט): גיב מיר אַ קאָפּיקע אַף וואַרמעס.

דער יונגערמאַן: אַ מכּה!

ראָס ינגעל: דו האָסט ראָך צוגעזאָגט מיר צו געבען.

דער יונגערמאַן: אַז דו געהסט נישט אַוועק, וועל איך דיר צעברעכען די ביינער.

(ראָס ינגעל וויינט. סי לויפט אַריין די מוטער, אַ ווייבעל פון אַ יאָר דרייסיג, אַ הויכע און אַ דאַרע מיט אַ קאָסינקע אַפ'ן קאָפּ): וואָס איז שוין ווידער?

דער יונגערמאַן: נעם איהם אַוועק פון דאַנען.

די מוטער (צום ינגעל): געה אַוועק פון איהם, אַ טאַטע איז דאָס, אַ רוצח!

(דער יונגערמאַן ווערט רויט פאַר כעס און פאַרבייסט די ליפען).

דער רב (צו דער טאָכטער): קינדער, קריגט אייך נישט. ברענג מיר בעסער אַ פּאָר עפּעל, איך וואַרט שוין אַף זיי אפשר אַ שעה און קיינער קומט נישט.

ראָס ווייבעל: באַלד (געהט אַוועק מיט'ן ינגעל).

דער רב (צו פּיצין): אַוואו ביסטו געבליבען שטעהן?

פּיצי (שפּאַרט זיך אָן ביים טיש און זאָגט): רבי, ווילט איהר זי שיקען רופען?

דער רב: אַוואו וואוינסט דו רען הייגט?

פּיצי: וואו אַמאָל, לעבען דער מיל.

דער רב: איז פאַראַן געגוג וואַסער?

פּיצי: וואַסער איז דאָ גענוג, אָבער קיין קאָרן איז נישטאָ.

דער רב: סי דאָ קאַרג קאָרן אַף דער וועלט?

פּיצי: אַרעם קויפט אַלץ אויס...

דער רב: זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס קומט דיר דאָס אויס גראָד אַצינד, אַז סי געהט צו ראש־השנה און צו יום־טוב, זיך צו וועלען גטען?

פּיצי: ווינטער האָב איך אַוודאַי קיין צייט נישט.

דער רב: און פאַרוואָס ווילסט דו זיך גטען?

פּיצי: ווייס איך? ליב האָבען מיר זיך קיינמאָל נישט געהאַט.

דער רב: ווער שמועסט פון ליב? אַז דו זיצט אָב מיט אַ ווייב דרייסיג יאָר, קענסט דו שוין זיצען ווייטער.

פּיצי: הלוואַי וואָלט איך דאָס אויך נישט געווען געזעסען.

דער רב: האָסט גאָר חרטה אַפ'ן גאַנצען שידוך?

פּיצי: אַוודאַי האָב איך חרטה, אָבער סי איז פאַר־פאַלען, דאָס הייסט פאַרפאַלען איז נאָר דאָס, וואָס איז געווען, אָבער אַצינד וויל איך פון איהר פּטור ווערן.

דער רב: און זי פון דיר.

פּיצי: אַזוי זאָגט זי אויך.

דער רב: און וואָס זאָגסט דו?

פּיצי: איך זאָג, אַז אַ יוד האָט אַ שלעכט ווייב, מעג ער זיך לעבעדיגערהייט באַגראָבען.

דער רב: דו קריכסט מיר צו ווייט אין חקירות. איך פרעג דיך באמת, ווילסט דו זיך גטען מיט דיין ווייב פלונית בת פלונית? וואָרום אַז זי קומט און זאָגט יאָ, מוז איך מקבל קנין זיין.

פּיצי: טוט מיט מיר וואָס איהר ווילט, רבי, אַבי זייט מסדר דעם גט.

דער רב: זעקס קערבלעך מיר און דריי דעם סופר מוזט דו געבען.

פיצי: סי זענען היינט שלעכטע צייטען.

דער רב: דערפאַר באַדאַרף איך טאַקי צו האָבען געלד.

פיצי: ניין קערבלעך איז היינט ביי מיר אַנ'עשירות.

(פון דער קיך קומט אַריין דאָס דינסטמיידעל אָנגעטאָן נישט אַזוי שבתדיג, אָבער מיט רויטע באַקען און שוואַרצע האָר, אַז סי ברענט. זי שטעלט דעם רב אַנידער אַ טעלער מיט רויטע עפּעל).

דער רב: וואָס וועט היינט זיין צו וועטשערע?

דאָס מיידעל: עסינגפלייש.

דער רב: טו אַריין ראָזשינקעס.

דאָס מיידעל (קוקט אַף פיצין און אַפ'ן יונגענמאַן און געהט).

דער יונגערמאַן (שרייט איהר נאָך): ברענג מיר אַהער אַ גלאָז וואַסער.

דאָס מיידעל (דרייט זיך אום פון שוועל און זאָגט): נעמט אייך אַליין.

דער יונגערמאַן: אַנ'עזות. (דאָס מיידעל געהט אַוועק).

(דער רב שיילט די עפּעל, עסט איינעם נאָכ'ן אַנדערן. אַז סי קומט צו אַ ווערעמדיגען עפּעל, זאָגט ער): אַ דור, גאָר קיין רעכטס האָבען זיי נישט היינט.

פיצי: זאָל איך געהן, זי אייך שיקען?

דער רב: אַז דו ווילסט געה, אָבער פאַרגעס נישט צו קומען געזעגענען זיך. (פיצי געהט אַוועק).

דער יונגערמאַן: שווער, איך האָב אין ש״ך אַ שווער שטיקעל.

דער רב: איך האָב אין די יונגע יאָרען גענוג געלערנט, אַצינד מוטשע דו זיך.

דער יונגערמאַן: יאָ, היינט ליגען אייך אין קאָפּ מליצה־ביכלעך.

דער רב: איך מוז אַריינקוקען אין זייערע זאַכען, כּדי צו זעהן, ווי דאָס איז פּוסט.

דער יונגערמאַן: דאָס וויים איך, חאָטש איך האָב דאָס נישט געלייענט.

דער רב: דאָס ווייסט דו נישט; לשון קענען זיי.

דער יונגערמאַן: וואָס איז דער חידוש, אַז מי גיט זיך אָב דערמיט, קען מען.

דער רב: סי וואָלט דיר אויך נישט געשאַדט זיך אַביסעל אָבצוגעבען מיט דעם. איך בין פון דער אַלטער צייט. דו בּיסט אַ יונגערמאַן און היינטיגע יאָרען מוז מען קענען שרייבען צום עסק...

דער יונגערמאַן: דאָס וועט איהר בּיי מיר נישט פּועלן.

דער רב: מיינעטוועגען. אָבער לייה מיר אַ דרייערל.

דער יונגערמאַן: איך האָב נישט קיין חשק.

דער רב: אָבער עסען ווילסט דו.

דער יונגערמאַן: דאָס איז ווערט דער פּראָצענט, וואָס איהר זייט מיר שולדיג.

דער רב: הלוואַי, וואָלטען אַלע ריינע הלוואות געווען אַזוי גוט, ווי בּיי מיר.

דער יונגערמאַן: איהר קענט אייך אַף מיר פאַר־לאָזען, איך פאַרשטעה שוין וועמען צו געבען.

דער רב: יאָ, אָבער די וועלט ווייסט, אַז דו שניידסט זיך אַף אַ רב און דו קענסט נישט אָבזאָגען.

דער יונגערמאַן: פונדעסטוועגען שענק איך זיי נישט.

דער רב: גיב אַהער דעם דרייערל. דו מיינסט, איך האָב שוין פאַרגעסען.

דער יונגערמאַן: ביז ווען?

דער רב: ביז איך וועל מסדר זיין דעם גט ביי פיצין און פאַרדינען די זעקס קערבלעך.

דער יונגערמאַן: פאַר די זעקס קערבלעך גיב איך נישט קיין זעקס גראָשען.

(סי קומט אַריין די רביצין, אַ הויכע יורענע פון אַ יאָר זעכציג; האַלט אין האַנד אַ קויטיג האַנטאַך און ווישט אַ גלאָז. זי זאָגט צום רב): משולם, גיב אַהער צוויי קערבלעך.

דער רב: נעם דיר ביי דעם איידעם דיינעם.

דער יונגערמאַן: איהר זייגט מיך אויס.

דער רב (שטעהט אוף און מאַכט איהם צו דעם ש"ך): נעם אַרויס דאָס טייסטערל!

דער יונגערמאַן: גזלנים, אמתע גזלנים.

דער רב: עפען אוף דאָס טייסטערל, לאָז נישט אַנ'אַלט מענש שטעהן אַף די פיס.

דער יונגערמאַן: דאָ אין שטוב וועט פון מיר קיין לייט נישט ווערען. (שלעפּט אַרויס פון קעשענע דריי איינ־צעלנע פאַפּירענע קערבלעך און באַקוקט זיי גוט).

די רביצין: גיב אַהער ראָס געלד.

דער רב: וואָס זי זעהט, מוז זי באַלד האָבען.

(די ציג חאַפּט זיך אויף און הייבט זיך אָן צו טרייסלען, דריי שוואַרצע הינער פליען אַריין און הייבען זיך אָן צו שלאָגען).

די רביצין (וויל זיי חאַפּען): אַקיש, קיש, קיש.

דער רב: קיש, קיש.

(די דינסט ווייזט זיך אין טיר):

רביצין, סי איז געקומען אַ גוי מיט קאַרפּען.

דער רב (צו איהר): געה גיך. (זיי געהן ביירע אַוועק).

דער יונגערמאַן: שווער, איך מיין, אַז סי איז שוין צייט געהן ראַווענען מנחה.

דער רב: איך וויל בעסער ראַווענען אינדערהיים.

דער יונגערמאַן: און תפילה־בציבור?

דער רב: איך האַנדעל נישט מיט קוויטלעך און באַדאַרף נישט צו געהן אין בית־מדרש אַריין.

דער יונגערמאַן: איהר ווילט מיר געבען אַ שטאָך?

דער רב: אַנ'איירעם מעג מען אַלץ זאָגען.

דער יונגערמאַן: און אַ שווער אויך.

דער רב: זאָג.

דער יונגערמאַן: וואָס איך האָב צו זאָגען, האָב איך שוין געזאָגט.

דער רב: דו מיינסט אַקעגען דעם, וואָס איך לייען די ביכלעך...

דער יונגערמאַן: דאָס איז אַוודאַי נישט קיין מעלה פאַר אַ רב.

דער רב: דערפאַר וועלען זיי אין דיר האָבן אַלע מעלות.

דער יונגערמאַן (שווייגט).

דער רב (געהט צו צו דער שאַפע ספרים, נעמט אַרויס אַ לאַנגען צעריסענעם גאַרטעל און גאַרטעלט זיך צו).

דער יונגערמאַן: נו, וועל איך אויך דאַווענען אינ־דערהיים. (ער גאַרטעלט זיך צו מיט אַ רויטע פאַטשיילע און שטעלט זיך ביים פענסטער אָן אַ זייט, וואָס געהט אַף דער גאַס, לענט זיך אָן מיט די עלענבויגען אַפ׳ן פענסטער און מאַכט כּלומפּערשט, ווי ער דאַווענט. דער יונגערמאַן זאָגט קטורת און ציילט די ווערטער. דער רב דרייט זיך אום און גיט אַף איהם אַ קוק. סי ווערט טונקעל).

(סי קומט אַריין אַ יורענע פון אַ יאָר פערציג אָנגע־טאָן אַביסעל שבתדיג; אַ שוואַרץ קלייד און אַ געל טיכעל אַפ׳ן קאָפּ): גוט־נ׳אָווענט! (קיינער ענטפערט איהר נישט. זי זעצט זיך אַנידער פאַר דער שאַפע ספרים און וואַרט).

דער רב (שטילערהייט): דאָס מוז זיין יענעמס ווייב. (ער דאַווענט ווייטער).

דער יונגערמאַן (האַלט אין שמונה־עשרה און שאָקעלט זיך און וואַרפט זיך אַף ביידע זייטען).

(פון דער וואַנט צווישען דעם רבס און דעם חזנס שטוב הערט מען אַ שיין קול פון אַ באַס. דער יונגערמאַן שאָקעלט זיך אַלץ שטאַרקער).

(די טיר עפענט זיך ווידער און פּיצי קומט אַריין, דער־זעהט זיין ווייב, און בלייבט שטעהן אַוויילע ביי דער טיר. דערנאָך געהט ער פּאַמעלעך ווייטער אין שטוב אַריין).

(די יורענע רוקט זיך אַף דער באַנק און קוקט אָן אַ זייט. פּיצי בלייבט ווידער שטעהן און קוקט אַף זיין ווייב.

פון דער וואַנט פאָרט ווידער אַרויס אַ סאָפּראַן. פּיצי
דרייט מיט'ן קאָפּ). —

דער יונגערמאַן (זאָגט אַרויס העכער): ולמלשינים־
אל־תהי־תקווה.

די יורענע (רוקט זיך אַלץ אַף דער באַנק. פּיצי וויל
צו איהר צוגעהן; די יורענע זיצט אַראָבגעלאָזט די אויגען)...

פּיצי (געהט צו איהר צו): זאָג נישט אויס דעם רב,
הערסט? (די יורענע שווייגט). איך בעט דיך, זאָג נישט
אויס. (די יורענע הייבט נישט אוף דעם קאָפּ).

(דאָ הערט זיך ווידער פונ'ם חזנס שטוב דער קול פון
אַנ'אַלט: „ונתנה־תוקף־קדושת־היום", על־פּי ניסי בעלזער,
און אַנ'אַנדער קול הערט מען אויך דאָס אייגענע מיט
מער מתיקות, און דער באַס ברומט צו אַזוי טיף, אַזוי צום
האַרצען. די יורענע טוט אַ זיפץ. דער אַלט הייבט
ווידער אָן. סי רירט אין האַרצען מוראדיג).

פּיצי (צורודערט פון זינגען, צום ווייב): געה אַהיים. סי
וועט אַלץ זיין גוט.

די יורענע (האַלט זיך צו דאָס טיכעל פאַר די אויגען
און גיט אַ חליפּ).

פּיצי (צופּט זיך ביי דער ליפּ): איך בעט דיך, געה
אַהיים, געה אַהיים (ער ציטערט אַזש).

(די יורענע הייבט זיך אוף פּאַמעלעך און פאַרלאָזט די
שטוב. דער רב איז אויסגעגאַנגען שמונה־עשרה, דער
יונגערמאַן בייגט זיך ביי מורים. פּיצי שטעהט אינ־
מיטען שטוב. סי ווערט פינסטערליך. דער רב שפּייט
שוין אויס צו עלינו. די דינסט טראָגט אַריין אַנ'אָנגעצונדען
ליכט אין אַ לייכטער און שטעלט עס אַנידער אַפ'ן טיש).

דער רב (דרייט זיך אום צו איהר): וועט באַלד פאַר־טיג זיין?

די דינסט: סי קאָכט.

דער רב (צו פּיצין): וואו האַלט עס?

פּיצי (פאַרשעמט): רבי...

דער רב: מיר דאַכט זיך, זי איז אָט דאָ אַוועקגעגאַנגען.

פּיצי: יאָ, רבי, האָט קיין פאַריבעל נישט.

דער רב: זי איז דאָך אָבער דאָ געווען, וואָס האָט זי געוואָלט?

פּיצי: גלייבט מיר, זי איז נישט שולדיג. איך בין אַליין שולדיג, איך אַליין.

דער רב: צו וואָס ביסט דו אָבער געקומען?

פּיצי: וואָס־זשע זאָל איך טון, רבי?

דער רב: איך מוז דיך קנסענען פאַר ווייטער.

פּיצי: האָט אַף מיר רחמנות.

דער רב: שוטה איינער, דיין שטוב וועל איך ביי דיר נישט אַוועקנעמען, אָבער אַף בראָנפען מוזט דו געבען און פאַרבייסען.

פּיצי (קראַצט זיך): איך וויים, רבי...

דער רב: גיב אַהער צוואַנציג קאָפּיקעס אַף בראָנפען און פינעף אַף פלעצלעך.

פּיצי: רבי, נאַט אייך אַ גילדען.

דער רב: דו ווילסט זיך נאָך רינגען?

פּיצי: שלעכטע יאָרען...

דער יונגערמאַן (וויל זיך איינקויפען ביי פּיצין): איך וועל צולעגען.

דער רב: איך האָב ליב, אַז דו ווערסט אַ ווהרן.

פּיצי (לעגט אַנידער צוואַנציג קאָפּיקעס אַפ'ן טיש).

דער רב: וואַרט, ביסט נאָך נישט פּטור, מוזט אַליין געהן קויפען.

פּיצי (נעמט דאָס געלד פון טיש און געהט צו דער טיר).

דער יונגערמאָן (יאָגט איהם נאָך, און שטופּט איהם אריין אין האַנד פינעף קאָפּיקעס): דאָ האָט איהר אַף פּלעצעלעך (פּיצי געהט אַוועק).

דער רב: דאָ האָסט דו די שישקעווער הכנסות...

דער יונגערמאַן (ציהט אָן דעם זייגערעל): אונזער חזן האָט שוין אָנגעהויבען זיך מאַכען משוגע...



# פאַר'ן בית־דין

## אַ צווייטעס בילד

### די פּערזאָנען:

דער רב, שלמה־ניסן
דער בעל־טאַקסע, יואל
דער ערשטער שוחט, לייבוש־בער
דער צווייטער שוחט, חיים־יונה
פדהצור, דער שמש
חלף, אַנ'אַלטער קצב
וואָלף־מאָטעל, אַ צווייטער קצב
שמעון, אַ יונגער קצב, דער בעל־עבירה
אסתר־מאַכליע, אַ יונג־ווייבעל
חיה, איהר שוויגער
זעקס קצבישע יונגען

סי שפּילט זיך אין לאַדיזשענקע, אַ יודיש שטעטעל אין דער אוקראַינע, אינ'ם ערשטען צענדליג פונ'ם .XIX יאָרהונדערט.

אַ גרויסער חדר פונ'ם לאַדיזשענקער רבס שטוב, שיינע געקאַלכטע ווייסע ווענט דריי פענסטער געהן אַרויס אַפ'ן גאַס, פאַרהאַנגען מיט ווייסע, האַלבאופגעצויגענע פאָרהאַנגעלעך; אַרום אַ לענגליכען פּאָלירטען טיש שטעהן עטליכע געפלאָכטענע בענקלעך. איןביידע עקען פון שטוב שטעהען צוויי גרויסע שאַפעס מיט ספרים אַף דער לינקער וואַנט הענגט אַ גרויסער אַלטמאָדישער זייגער, אַף דער רעכטער וואַנט אַקעגען הענגען צוויי עסע־לאָמפען פון מעש. די הינטערשטע טיר פירט אַפ'ן גאַס. אין דער זייט איז דאָ נאָך אַ טיר, וואָס פירט אין קיך אַריין. —

אַף אַ בענקעל אויבענאָן ביים טיש זיצט דער רב, שלמה־ניסן, אַנ'ערך פינעפאופערציג יאָר אַלט, אַ יונג גלאַט פנים, באַוואַקסען מיט אַ שוואַרצער קיילעכ דיגער באָרד. די באָרד איז אויסגעקעמט, די פאות זענען פאַרקרייזעלט, ער טראָגט אַ גוטע שוואַרצע קאַפּאָטע און אַ שיינעם קאַפּעליוש. אַפ'ן פנים ליגט אַ האַלבעי ערנסט. לעבען איהם ביי דער לינקער זייט זיצט יואל דער בעל־טאַקסע אַ יוד פון אַ יאָר זעכציג מיט אַ גראָ קליין בערדעל, ער טראָגט אַ זיידענעם קאַשקעט און אַ ווייסען געפרעסטען קאָלנער. ער איז אַריינגעטאָן מיט'ן רב אין אַ שמועס

דער בעל־טאַקסע: וואָס־זשע מיינט איהר זאָל זיין?

דער רב: און וואָס האַלט איהר פון דעם עסק?

דער בעל־טאַקסע: איהר מיינט שמעונען, וואָס מ זאָגט, אַז ער האָט פאַרקויפט טרייפע פלייש, איך וויים? —

דער רב: די שטאָט קאָכט וועגען דעם, מי מוז איהם קנסענען.

דער בּעל־טאַקסע: קודם־כּל מוז מען דערגעהן די זאַך.

דער רב: וואַרט, בּאַלד וועט זיין גבית־עדות, אָבּער אָהן גבית־עדות ווייס איך אויך גוט, וויאַזוי סי פירט זיך בּיי אונז אין די יאַטקעס...

דער בּעל־טאַקסע: לאַריזשענקע איז נישט ערגער פאַר אַנדערע שטעט, קצבים זענען אומעטום קצבים...

דער רב: דאָ בּין איך אָבּער דער רב און אַף וועמען פאַלט די אחריות?

דער בּעל־טאַקסע: ווער טשעפּעט אייך דען?

דער רב: אייך איז גוט, מיר אָבּער קומט אויס, אַז צו זיין אַף מיין אָרט, הייסט פאַרקויפען די נשמה.

דער בּעל־טאַקסע: דערפאַר האָט איהר אַ רוהיגען קאָפּ.

דער רב (מיט פאַרדראָס): איהר האַלט מיך אַ פּנים פאַר אַ עושר.

(סי עפענט זיך די טיר פון גאַס און סי קומט אַריין חלף דער קצב, אַ גרויסער און אַ שטאַרקער יוד אין וואַטאָווע הויזען, וואָס זענען אַריינגעטאָן אין די שטיוועל און בּלישטשען פון פעטקייט. ער טראָגט אַ קורץ פּעלצעל און אַנ'אָבּגעריסען היטעל מיט אַ דאַשעק. ער טוט זיך אַ זעץ אַפּ'ן בּענקעל, אַז סי גיט אַ טראַסק).

דער קצב: גוט־נ'אָוועגט. זאָגט מיר, רבּי, וואָס האָט איהר מיך געשיקט רופען? מיינט איהר, אַז חלף ווייסט נישט, חלף ווייסט. (צום בּעל־טאַקסע): אַי, רבּי יואל, אייך זעהט מען גאָרנישט, בּיז וואַנען וועל איך בּיי אייך

שטעהן אין דער דריטער שורה, אַז איך וועל שיקען נאָך קוויטלעך צום קוילען? אַף אונזערע צוויי שוחטים, די כפּרה זאָלען זיי ווערען, וויל איך נישט רעדען. איך זאָג אייך, לאַריזשענקע קען זיך איבּערנעמען מיט איהרע כּלי־קודש... (גיט זיך אַ האַפּ צום רב): אייך, רבּי, מיין איך נישט; אַז איהר וואָלט נישט געווען אונזער רב, וואָלט איך מיט אייך געהאַלטען. (ער זוכט עפּעס אין דער בּוזעם־קעשענע; צום בּעל־טאַקסע): איך האָבּ געמיינט, איך האָבּ דאָ דעם בּיכעלע, וואָלט איהר געזעהן, וויפיל סי שטעהט פאַרשריבּען; איהר מאָנט בּיי מיר מער מיט אַ רובּל און זעכציג קאָפּיקעס. אַזוי פיל, ווי אייער נאמן זאָגט, האָט דאָס פלייש נישט געוואויגען. אייערע נאמנים און אייער ווענען: אַפּ'ן לויט איז דאָס, ווי זאַפּראַן.

דער בּעל־טאַקסע: פאַרקויפט בּעסער פלייש אָהן בּיינער.

דער קצב: נעמט אייך נאָר נישט אָן פאַר'ן קהל.

(די טיר פון גאַס עפענט זיך ווידער און סי קומט אַריין וואָלף־מאָטעל, אַ מאָגערער אויסגעטריקענטער קצב, קויטיג אָנגעטאָן און ברוגזלעך).

וואָלף־מאָטעל: גוט־נ'אָוועגט, גוט־נ'אָוועגט אייך; איז שמעון שוין דאָ געווען? (ער שטעלט זיך אַנידער בּיים פענסטער רעכטס און דרייט מיט דער קלאַמקע).

(די טיר, וואָס פירט אין קיך אַריין, עפענט זיך אויך און סי קומט אַריין חיים דער שוחט, אַ יוד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, אַרומגעגאַרטעלט מיט אַ גאַרטעל. אַפּ'ן קאָפּ טראָגט ער אַנ'אַלטען קאַפּעליוש, דער גוף זיינער איז איינגעבּויגען און שאָקעלט זיך בּיי איטליכען טריט, ער האַלט אַרויסגעשטעלט די הענד, וואָס פון זיי טריפט נאָך דאָס

וואַסער, געהט צו צום האַנטאַך, ווישט זיך אָפּ די הענד און זאָגט אַפּ'ן קול: אַשר־יצר).

חלף (דרייט זיך אום מיט דער פּלייצע צום רב): אַ, רבי חיים.

דער רב (הייבט זיך אוף פון בענקעל, בייגט זיך איבער'ן טיש און ציהט חלפן ביי'ם אַקסעל): חלף, ביי מיר אין שטוב מאַכט נישט אייערע שטיקלעך...

חיים (האָט זיך אָפּגעווישט די הענד, געהט צו צום טיש און זאָגט צום רב): איהר זיצט אייך דאָ ווי אין אַ בּוררות', איך בין נישט געשלאָפען די גאַנצע נאַכט...

חלף: האָבען אייך געביסען די פליי? (דער רב ווינקט ווידער צו חלפן).

(די טיר פון דרויסען עפענט זיך ווידער. סי קומט אַריין דער אַנדערער שוחט, לייבוש־בער, אַ ציכטיגער יוד מיט אַ געשטופּעלט פּנים. געהט זיך פּאַמעלעך, ער טראָגט אויסגעפּוצטע שיך און ריינע ווייסע זאָקען. ער ווינקט צו איטליכען מיט'ן קאָפּ, נעמט זיך אַ בענקעל און זעצט זיך אַנידער צווישען דעם רב און דעם בעל־טאַקסע).

לייבוש־בער: דער חתן איז נאָך נישטאָ, שמעון איז שטענדיג ביי זיך דער מיוחס.

(סי הערען זיך קולות פון הינטער דער טיר; די טיר עפענט זיך און סי גיט זיך אַ שיט אַריין אַ שטיק זעקס קצבים, גרויסע יונגען מיט היטלען, אָנגעטאָן־אין קורצע גוישע פּעלצלעך און גרויסע שטיוועל. זיי בלייבען שטעהן ביי דער טיר און רושען זיך פון געלעכטער; דער פאָדער־שטער יונג מיט אַ רויטען פּלעק אַף דער באַק און אַפּ'ן האַלדז, רופט זיי צו): זייט שטיל!

דער רב: אַוואו איז שמעון?

דער יונג מיט׳ן רויטען פלעק (טרעט צו נענטער): רבּי, שמעון וועט באַלד קומען.

(חלף הייבּט זיך אוף, געהט צו צו די יונגען און שמועסט מיט זיי שטילערהייט. אַ יונג, וואָס שטעהט הינטען, לאַכט און האַלט זיך צו דעם מויל).

(די טיר עפענט זיך ווידער און סי קומט אַריין פרהצור דער שמש, אַ גרויסער לאַנגער יוד, מיט אַנ׳אָבּגעגעסענעם געלען בּערדעל, אַנ׳אויסגעשמירטע קאַפּאָטע מיט לאַטעס אַף בּיידע אַרבּעל).

דער שמש (שטופּט זיך דורך די יונגען): לאָזט מיר, יונגאַטשעס. (ער געהט צו צום טיש): רבּי, איך בּין שוין געוועזען בּיי איהר, זי רופען; זי שעמט זיך צו קומען.

לייבּוש־בּער: וואָס הייסט, זי וויל נישט, זי מוז דאָך זיין צום גבית־ערות, זי האָט דאָך געקויפט די טרייפע פליישׁ.

דער בּעל־טאַקסע (צו זיך): סי בּרענט אין איהם די יראה.

דער רב (צו פרהצורן): געה און רוף זי נאָך אַמאָל. (דער שמש געהט צוריק צו דער טיר. די יונגען צופּען איהם בּיים אַרבּעל).

(אין דער טיר טרעפט זיך דער שמש מיט מאיר דעם נאמן, זיי ווינקען זיך צו, מאיר קומט אַריין, אַ יוד אין אַ רויטליכען חאַלאַט מיט גרויסע קעשענעס).

דער נאמן: גוט־נ׳אָוונט! גוט־נ׳אָוונט!

(ער פּרובּט לאַכען אַ בּיסעל צו איטליכען. ער געהט צו צום פענסטער לינקס און שפּאַרט זיך אָן, ער נעמט עפּעס אַרויס פון קעשענע און קאַיט).

(די טיר עפענט זיך ווידער און סי קומט אַריין שמעון אַ שטאַרקער קצב פון אַ יאָר דרייסיג, מיט אַ פעסטען גאַנג. ער איז פאַרגאַרטעלט מיט אַ גרינגעם גוישען גאַרטעל און אַפ'ן קאָפּ טראָגט ער אַ שמויסען היטעל. מי זעהט אָן איהם, אַז סי איז אַ מענש, וואָס ווערט פאַר קיינעם נישט בטל, ער געהט צו נעענטער און שטעלט זיך אַוועק לעבען חלפן).

ד ע ר ר ב (רוקט זיך אַפ'ן בענקעל און הייבט אָן, ווי איינער, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט אויסענווענינ): ווייסט דו, שמעון, אין וואָס די שטאָט איז דיר חושד? —

(חלף קוקט אַפ'ן רב).

ש מ ע ו ן (האַלט די האַנד ביים עק טיש און זאָגט): אין וואָס איז מען מיר חושד?

ד ע ר ר ב: אַז דו האָסט פאַרקויפט טרייפע פלייש פאַר כשרע.

ש מ ע ו ן: ווען האָב איך דאָס פאַרקויפט די טרייפע פלייש?

ד ע ר ר ב: אסתר־מאַכליעס.

ש מ ע ו ן: אָט דער?

ד ע ר ר ב: יאָ, אָט דער.

ש מ ע ו ן: דאָס איז נישט קיין אמת.

ד ע ר ר ב: איך האָב זי געשיקט רופען. זי וועט דיר דאָס זאָגען אין די אויגען.

ש מ ע ו ן: מילא, וועט זי זאָגען.

ח י י ם דער שוחט (מישט זיך אַריין): פאַרוואָס זאָל זי אַף דיר אויסטראַכטען?

ש מ ע ו ן (הייבט אויף די אויגען אַף איהם): אייער ווייב האָט בײַ מיר גישט לאַנג גענומען אַ פוס אַף שבת, און זי האָט גאָר קיין מורא נישט, טאָמער איז ער טרייפע.

ח י י ם (פּרובט צו ווערען אין כעס): שמעון, דו ביסט אַ עזות־פּנים.

(די טיר עפענט זיך איבעראַניים און סי קומט אַריין אַ יונג־ווייבעל, עפּעס שעמעריג. זי קוקט זיך אַרום אין שטוב. אַלע קוקען אַף איהר).

ד ע ר ר ב (צום ווייבעל): קומט אַהער נענטער.

מ א י ר (געהט צו איהר צו פונ׳ם פענסטער): וואָס האָט איהר מורא?

ר אָ ס ו ו י י ב ע ל (געהט צו פאַמעלעך צום טיש).

ד ע ר ר ב: האַלט איהר נאָך אַלץ דערבײַ, אַז שמעון האָט אייך פאַרקויפט טרייפע פלייש?

ר אָ ס ו ו י י ב ע ל: מוז איך דאָס זאָגען נאָך אַמאָל, אַז סי איז געווען פונ׳ם זאָרעק?

ד ע ר ר ב: איהר מוזט איהם דאָס זאָגען אין די אויגען.

ר אָ ס ו ו י י ב ע ל: יאָ.

ד ע ר ר ב (צו שמעונען): פאַרוואָס פאַרענטפערסט דו זיך נישט?

ש מ ע ו ן: איך האָב זיך נישט וואָס צו פאַרענטפערן; ראָס ווייבעל קאָן זיך טועה זיין, זאָרעק־פלייש פאַרקויף איך נישט קיין יורען...

ד ע ר ר ב: זיי זיך בעסער מודה, וועט עס זיין גרינגער פאַר דיר.

ש מ ע ו ן: איך האָב מיך נישט וואָס מודה צו זיין.

דאָס ווייבעל: רבי, קען איך שוין געהן?

דער רב: וואַרט נאָך אַביסעל, טאָמער דאַרף מען אייך נאָך.

שמעון (נעמט אַרויס אַ טאַבאַטשניצע, מאַכט זיך אַ ציגאַר און פאַררייכערט איהם).

דער רב (צו שמעונען): שמעון, רייכער נישט.

שמעון (רייכערט ווייטער).

דער רב: דו מעגסט זיך זיין אַ תקיף, אָבער קהל איז קהל, און אַז מי וועט אויסרופען אין קלויז, אַז ביי דיר טאָר מען נישט קויפען קיין פליש, וועט מען נישט קויפען.

שמעון: איהר ווילט מיך אַפנים אַריינלעגען אין חרם.

דער רב: אַז סי וועט קומען דערצו — יאָ.

שמעון: דערצו האָבען מיר, גאָט־צו־דאַנק, אַ פריסטאַוו.

דער רב: דו ווילסט מסרן?

שמעון: איך באַדאַרף אייך נישט צו מסרן, איך באַדאַרף נאָר צו זאָגען, אַז איהר האָט מיין יאַטקע אַריינגעלעגט אין חרם און דאָס טאָר מען נישט על־פי־זאַקאָן.

דער רב: און על־פי־דין טאָר מען נישט פאַרקויפען קיין טרייפע פלייש פאַר קיין כשרע, דערוף זענען מיר יודען.

(די טיר עפענט זיך, סי קומט ווידער דער שמש, מי דערקענט אָן איהם, אַז ער האָט שוין גענומען אַ נייעם טרונקבראָנפען; נאָך איהם געהט אַריין חיה אסתרס שוויגער, אַן׳אַלטע יורענע, איינגעבויגען מיט אַ גרויסען שאַל אַפ׳ן קאָפּ. די יונגען קנייפען זיך).

דער רב: זייט איהר חיה?

חיה: אַזאַ הונט פאַרקויפט מיין שנור אַ שטיק טרייפע פלייש. דער מלאך־המות זאָל אַזוינע קצבים קענען; קאַרג דראַבעס געהען אַרום שבת אויסגעפּוצט מיט די מיידען, מוזען זיי נאָך טרייף מאַכען די שטאָט, און איהר זייט אַ רב און שווייגט.

די יונגען (רושען זיך).

דער רב: שאַט, שאַט!

לייבוש־בער (צום רב): טאָמער גיט איהר מיר רשות, אויסצופרעגען חיה'ן?

(איינער פון די יונגען שיסט אויס אַ געלעכטער).

לייבוש־בער (הייבט זיך אויף און בייזערט זיך): איהר פאַרגעסט, אַז איהר זענט ביים רב אין שטוב.

(איינער פון די יונגען רופט אויס): קוקט איהם נאָר אָן, גאָטס גנב.

דער רב: וואָס איז דאָס פאַר אַ תנועות?

די יורענע: רבונו־של־עולם, צו וואָס מיר האָבען דערלעבט, וואָס זענען דאָס פאַר צייטען!

שמעון (צו דער יורענע): וויפיל זענט איהר אַלט, חיה?

חיה (פאַרוואונדערט): וויפיל? זעכציג יאָר.

שמעון: איהר זענט שוין בייצייטענס עובר־בטל.

דער צווייטער שוחט: הולטאַי איינער, דו ביסט מבייש אַנ'אַלט מענש!

דער יונג מיט'ן רויטען פלעק (געהט צו צו איהם): דערוועגט אייך נישט זיך צו מישען.

דער שוחט: שייגעץ, ביסט אַ עזות־ומחוצף־פנים! איך וועל דיר נאָך ווייזען, אַז יש־דין־בישראל!

ד ע ר  י ו נ ג  מ י ט ׳ ן  ר ו י ט ע ן  פ ל ע ק (גיט איהם אַ חראַק אין פּנים).

ד י  י ו ר ע נ ע (שפּרינגט אויף).

(סי ווערט אַ געררודער, דער רב, דער ערשטער שוחט, דער בעל־טאַקסע, דער נאמן, אַלע הייבען אָן צו שרייען: וואָס ווילט איהר דאָ האָבען, וואָס איז דאָס פאַר אַ וועלט?

ווער שפּייט דאָס אַ יורען אין פּנים? וואָס איז דאָס?)

ד ע ר  צ ו ו י י ט ע ר  ש ו ח ט (טויט־בלאַס פאַר כעס): מיר, מיר, מיר! (ער ווישט זיך אָב מיט דער פאַטשיילע די שפּייעכץ). מיר ווערען, מיר וועלען אַף אייך גוזר זיין...

ש מ ע ו ן (שלעפּט חלפן): אַ גוטען טאָג אייך, זייט גוזר, אַז סי גלוסט זיך אייך.

(אַלע קצבים פאַרלאָזען אינאיינעם די שטוב, אין הייזעל הייבען זיי אָן צו זינגען אַ גויש לידעל. מי הערט פון ווייטען זייער קול)...



# די שבועה

א סצענע

## פערזאָנען:

דער רב | צווייטער יוד
די רביצין | דריטער יוד
ערשטער יוד | דעם רבס קינדער
די שכנים פון גאַס

די שטוב פונ׳ם לעטיטשעווער רב. אַ גרויסער חדר פול מיט שאַפעס ספרים. פון דער רעכטער זייט געהט אַ טיר צום גאַס. דער רב, אַ בייכיגער יוד אין די מיטעלע יאָרען, זיצט מיט דער רביצין און צוויי קינדער ביים טיש, וואָס איז געדעקט נאָר צ ויי דריטעל, זכר־לחורבן. אַפ׳ן אַנדערן עק טיש ליגט אַ גמרא. זיי עסען אָנ־בייכען. אַלע לעפלען קאָליש פון אַ גרויסער שיכעל, וואָס סי געהט פון איהר אַ פאַרע. אין דרויסען איז אַ יריד, מי הערט אַ פאָרען פון וואָגענס און אַ געשריי פון גוייב. סי איז זומער. סי עפענט זיך די טיר און סי קומען אַריין דריי יודען זיך לאָדען.

דער ערשטער יוד: רבי, האָט נישט קיין פאַריבעל, אַז מיר שלאָגען אייך איבער דעם עסען, סי איז היינט אַ יריד, און מיר האָבען נישט קיין צייט.

דער רב: נישקשה. (צו דער רביצין, אַ ריינע יורענע מיט אַ געל טיכעל אַפ׳ן קאָפּ): סי איז ווייניג געזאַלצען...

די רביצין: נאַ, טו אַריין זאַלץ.

דער צווייטער יוד: רבי, הערט מיך אויס, ער טשעפעט זיך צו מיר אומזיסט.

דער דריטער יוד (צום צווייטען): זיי נישט קיין נאַר, משה.

דער צווייטער יוד (צום דריטען): רו מיש זיך נישט. ווער האָט דיך געבעטען?

דער רב (לעגט אַוועק דעם לעפעל, ווישט זיך אָב דעם מויל מיט'ן האַנד): קריגט אייך נישט, יודען. דערציילט בעסער, וואָס האָט איהר צווישענאַנאַנדער.

דער ערשטער יוד: איך האָב אַ דין־תּורה מיט דעם יודען (ווייזט אַפּ'ן צווייטען).

דער צווייטער יוד: אַ שיינע דין־תּורה. טאָמער איז היינט אַ שטיקעל יריד, זאָל איך איהם אָנווערן פון זיינעט־וועגען. אַנ'אמתע אָנשיקענעש אַף מיר!

דער רב (צום צווייטען יודען): שלאָגט נישט איבער, איך בעט אייך, אַז איך וועל אויסהערען איינעם, וועל איך אויס־הערען דעם אַנדערן.

דער צווייטער יוד: סי נישטאָ וואָס אויסצוהערען, סי איז פּוסטע זאַכען, גאָלע בלבּולים!

דער ערשטער יוד: זאָל טאַקי דער רב אויסהערן די בלבּולים...

דער רב (צו די קינדער): גיט מיר מים־אחרונים־וואַסער.

(דאָס עלטערע יונגעל לויפט אין קיך און בּרענגט אַ האַלבּ גלאָז וואַסער. מי בּאַגיסט זיך די שפּיץ נעגעל).

דער צווייטער יוד: איך האָב קיין מורא נישט. מעגסט דערציילען (ער זעצט זיך).

דער רב (צום צווייטען יודען): שטעהט אויף, זייט מוחל. איין בּעל־דין טאָר ניט שטעהען און דער אַנדערער זיצען.

(ער בענשט. מי הערט די ווערטער: ,הזן־ומפרנס׳. די יונגלעך בּרומען נאָך).

דער ערשטער יוד: הערט מיך אויס, רבי. איך בין היינט געקומען צו פאָרען אַפּ׳ן יריד, האָב איך געהאַט ביי מיר הונדערטאונדרייאונאַכציג קערבלעך פּאָזיטען: צוועלעף צענערלעך, צען פינפערלעך, פיר דרייערלעך און איין איינציג קערבעל. דאָס האָב איך אַלץ געהאַט צונויפגעלעגט אָט אין דעם טייסטער (ער נעמט אַרויס אַ שוואַרצען לעדערנעם טייסטער). געצאָלט האָב איך דריי מאָל. אַזוי טו איך שטענדיג אַז איך פאָר אַפּ׳ן יריד. און איינגעשריבען האָב איך אַלץ אין אָט דעם ביכעלע (ער נעמט אַרויס אַ קליין ביכעלע און לייענט): דאָנערשטיג פּרשה קורח הונדערטאונדרייאונאַכציג קערבלעך פּאָזיטען און צווייאונאַכציג קאָפּיקעס קופּער. דעם קופּער האַלט איך דאָ אין קעשענע. איך האָב געמוזט געבען אַ רובל מיט צען קאָפּיקעס אַף האָבער, האָב איך אַרויסגענומען דעם איינאיינציגען קערבעל און צען קאָפּיקעס.

דער צווייטער יוד: וואָס געהט מיך אָן דער גוי'ס דיינער מיט׳ן האָבער?

דער דריטער יוד: לאָז איהם אויסרערען.

דער צווייטער יוד: שוויג, פּאַסקודניאַק, וואָס שטופּסטו דעם מויל, אַז מי בעט דיך נישט.

דער ערשטער יוד (דערציילט ווייטער): איז געקומען יונה, אָט דער יוד (ווייזט אַפּ׳ן דריטען) און האָט ביי מיר אויסגעביטען אַ צענערעל און אַכט פינפערלעך. דערנאָך האָב איך געקויפט ביי אָט דעם יורען (ווייזט אַפּ׳ן צווייטען יורען) אַ קוה און האָב באַצאָלט זעכציג קערבלעך, און האָב איהם אויסגעצאָלט זעקס צענערלעך, מוז מיר דאָך איבערבלייבען נאָך זיבען. זאָגט ער צו מיר אויך: בייט מיר אויס איין צענערעל אַף צוויי פינפערלעך, מוז

איך ראָך האָבען זעקס פינפערלעך און אַכט צענערלעך, האָב איך אָבער פאַרגעסען צוריקצונעמען דעם צענערל...

דער צווייטער יוד: רבי, סי איז אַלץ ליגען! איך האָב גאָרנישט גענומען צו מיר דעם זעקסטען צענערל. ער האָט מיר בּאַלד געגעבּען פינעף צענערלעך און צוויי פינ־פערלעך. והא־ראיה. ציילט מיין געלד (ער לעגט אַנידער פּאָזיטען איינגעוויקעלט אין אַ טיכעלע): איך האָב לויטער דרייערלעך און איינצעלנע קערבּלעך, צוויי פינפערלעך און פינעף צענערלעך).

דער ערשטער יוד (וויל חאַפּען דאָס געלד פון טיש).

דער צווייטער יוד (לעגט זיך אָן אַפּ׳ן טיש און פאַרדעקט מיט די עלענבּויגען דאָס געלד): בּיי מיר איז נישטאָ קיין חאַפּען.

דער רב (קאָנטשעט דעם בּענשען): שלאָגט אייך נישט, יודען. (צו דער רביצין): נעם צו פונ׳ם טיש.

דער דריטער יוד (צום רב): איהר זעהט.

דער רב (צום ערשטען יודען): טאָמער האָט איהר אייך טועה געווען און איהר האָט געהאַט מתחילה ווייניגער מיט אַ צענערעל.

דער ערשטער יוד: סטייטש רבי, וויאַזוי קען איך מיך טועה זיין, אַז איך האָב איבּערגעציילט דאָס דריימאָל און איך ווייס גוט, וויפיל איך האָב עס גענומען בּיי יאַנקעל כּ״ץ און פאַרשריבּען שטעהט בּיי מיר אויך...

דער צווייטער יוד: מאַלע, אַז דו האָסט בּיי דיר פאַרשריבּען, ווער גלייבּט דיר!

דער דריטער יוד: איך בּין אַליין געשטאַנען דערבּיי.

דער צווייטער יוד (צום דריטען): דיין עדות־זאָגען איז ווערט בלאָטע. דיך קען מען אָבקויפען מיט אַ טרונק־בראָנפען.

דער דריטער יוד (צום רב): זייט אַ עדות, רבי, אַז ער איז מיך מבוזה־און־מבזה.

דער צווייטער יוד (צום דריטען): איך בעט דיך, ווער האָט דיך גערופען, זאָלסט קומען. איינער איז מיר וועניג?

די רביצין (רוימט אָב פון טיש. זי שטרויכעלט זיך און וואַרפט אַראָב אַ טעלער, ער ווערט צעבראָכען): אַ קלאָג צו מיר, דער צווייטער היזק די וואָך. (אַלע דריי יורען בייגען זיך איין און קלייבען אויף די שערבלעך).

דער רב: לאָזט זיין, מי וועט שוין אופקלייבען. (צו די ינגלעך): פאַרוואָס געהט איהר נישט אין חדר, פוסטע־פּאַסניקעס!

דאָס עלטערע ינגעל: סי איז היינט אַ יריד ביים רבין.

דאָס ינגערע ינגעל: און ביי מיין רבין רייבט מען היינט מאַחאָרקע און סי ברענט אין די אויגען.

דער רב (צו די ינגלעך): געהט אַריין אין יענעם חדר און חזרט איבער פונ׳ם חדר. (די ינגלעך געהען אַרויס).

דער צווייטער יוד: רבי, נאָ, וויל איך אַצינד טענען. אין תוך גענומען האָב איך גאָרנישט צו טענען. סי איז אַלץ ליגען, שקר־וכזב!

דער רב: ווייסט איהר זיכער, אַז איהר האָט ביי אייער בעל־דין נישט איבערגענומען דעם צענערעל?

דער צווייטער יוד: אַוודאַי ווייס איך, איהר האָט דאָך אַליין געזעהן, אַז איך האָב נאָר פינעף צענערלעך.

דער ערשטער יוד: אַף דיר איז אַ קשיה. דו קענסט האָבען נאָך געלד אין די שטיוועל...

דער צווייטער יוד: איך וועל דיר געבען אין מאָרדע, אַז דו וועסט מיר חושד זיין. (חאַפּט איהם ביים אַרבעל).

דער רב: אַז איהר ווילט זיך קריגען, קענט איהר אייך געהן געזונטערהייט.

ביידע יודען (אינאיינעם): ווער שלאָגט זיך רען? (זיי לאָזען אָב איינער דעם אַנדערן).

דער רב (צום דריטען יודען): און וואָס ווילט איהר זאָגען?

דער דריטער יוד: איך בין אַ עדות.

דער רב: קערט איהר אַייך אָן מיט׳ן תּובע?

דער דריטער יוד: מיר זענען נאָנטע שכנים און איך בין זיין ווייבס אַ פריינדעל.

דער רב: אויב אַזוי, זענט איהר פּסול־לעדות.

דער דריטער יוד: אַז איך האָב אָבער פאָרט גע־זעהן אַלץ מיט מיינע אייגענע אויגען.

דער רב (צום ערשטען און צום צווייטען יודען): לעגט אַנידער פּסק־געלד.

דער ערשטער יוד (לעגט אַריין די האַנד אין קעשענע און נעמט אַרויס פיר קופּערנע צענערס און לעגט זיי אַנידער אַפ׳ן טיש).

דער צווייטער יוד (זוכט אין בוזעם און לעגט אַנידער אַ זילבערנעם גילען).

דער רב: איך טאָר נישט נעמען ביי איינעם מער און ביי איינעם ווייניגער.

דער צווייטער יור (קראַצט זיך און לעגט צו נאָך אַ צענער).

דער רב (נעמט אַרויס פון חאַלאַט אַ רויטע קויטיגע פאַטשיילע און זאָגט צו די בעלי־דינים): זייט מקבל־קנין.

דער ערשטער יור (גיעהט צו און נעמט אָן איין עק פאַטשיילע און לאָזט זי אָב פּאַמעלעך).

דער צווייטער יור (גיעהט צו און טוט דאָס איינענע).

דער רב (צו זיי ביידע): ווילט איהר אַ אמתע דין־תורה צי אפשר אַ פשרה!

דער ערשטער יור: מיינעטוועגען זאָל זיין אַנ'אמתע דין־תורה.

דער צווייטער יור: איך האָב נישט קיין מורא אפילו פאַר אַ אמתע דין־תורה. איך וויים, אַז אַלץ איז אַ בלבול...

דער רב: איך טאָר אייך נישט צורעדען, אָבער אויב איהר ווילט מיך פאָלגען, וועל איך בעסער מאַכען אַ פשרה...

דער צווייטער יור: ניין! אַצינד וויל איך נאָר אַ אמתע דין־תורה.

דער רב: וואָס עקשנט איהר זיך אַזוי? עפ״י אמתער דין־תורה איז אַף אייך חל אַ שבועה.

דער צווייטער יור: נו, וועל איך שווערען.

דער רב: הײַנט שווערט מען אָבער נישט.

דער צווייטער יור: איך וויל אָבער דערוף יאָ שווערען.

דער ערשטער יור: וועסטו שווערן בײַ אַ ספר.

דער צווייטער יור: אַז דער רב וועט הייסען, שווער איך בײַ אַ ספר.

דער רב: אַזאַ זאַך נעמט מען נישט אַף זיך. גיט בעסער דעם יודען אַ פינפערל און ווערט פּטור פון דער שבועה.

דער צווייטער יור: בײַ מיר געהען פינפערלעך נישט צופוס...

דער רב: היינטיגע צייטען שווערט מען נישט, אַפילו אַז סי געהט אין טויזענדער.

דער צווייטער יור: רבי, זייט מסדר די שבועה און לאָזט מיך געהן.

דער רב: איהר זאָלט מיר אַפילו אָנשיטען פול די שטוב מיט געלד, וועל איך אַזוינס נישט טון.

דער צווייטער יור: וועל איך אַליין שווערען.

דער רב: דאָס וועל איך נישט לאָזען.

דער צווייטער יור (געהט צו צום טיש, חאַפּט די גמרא, וואָס ליגט אַפ'ן טיש, און וויל בײַ איהר שווערען).

דער ערשטער יור: ניין, בײַ אַ אמתן ספר זאָלסט דו שווערען, בײַ אַ ספר־תורה.

דער צווייטער יור: בײַ מיר איז קיין חילוק נישט, בײַ וואָס איך שווער. אַלע ספרים זענען הייליג.

דער רב: איך בעט אייך, גיט אַהער די גמרא. זינט איך בין רב, האָב איך נישט דערלאָזען צו קיין שבועה. בײַ יודען גלייכט מען זיך אויס און מ׳ נעמט נישט אַף זיך אַזאַ זאַך.

דער צווייטער יור: איך נעם אַלץ אַף מיר. איך שווער, איך שווער אָט בײַ דעם ספר.

ד ע ר ר ב (שפּרינגט אויף): לאָזט איהם נישט. (דער ערשטער יוד רייסט פון איהם די גמרא) גיב אַהער, ממזר, דער רב הייסט נישט.

ד ע ר צ ו ו י י ט ע ר י ו ד: לאָז מיך, דו כּלב, איך שווער ביי־ווייב־און־קינדער. —

ד ע ר ר ב (שרייט): רבּונו־של־עולם! (צום דריטען יודען): וואָס שווייגט איהר, דאָס איז קיין קאַטאָוועס נישט.

ד ע ר צ ו ו י י ט ע ר י ו ד: איך שווער, אַז איך האָב נישט...

ד ע ר ד ר י ט ע ר י ו ד (לויפט צו צו איהם און האַלט איהם ביים מויל).

ד ע ר צ ו ו י י ט ע ר י ו ד (דערלאַנגט איהם אַ פּאַטש. סי פאַלט אַראָב די גמרא. דער רב בּייגט זיך איין און הייבט זי אויף. די רביצין און די קינדער לויפען אַריין. אַלע דריי יודען שלאָגען זיך. פון דרויסען לויפען אַריין שכנים, זיי פאַנאנדערצוגעמען. זיי שלאָגען זיך ווייטער. מיט מיה שטופּט מען זיי אַרויס. מי הערט פון יענער זייט זייער קול: ביים פּריסטאַוו ועסטו קענען שווערען, וויפיל דו ווילסט).

ד ע ר ר ב (צו זיך): בּרוך־שפּטרני. אַבי נישט שווערען ביי מיר...



# די ירושה

## אַ צווייטע סצענע

### פּערזאָנען:

משולם, אַ יונג רבי׳ל
יוחנן, אַ צעבראָכענער יוד פון אַ יאָר פערציג
נתן, אַ פּראָסטאַק, אַלט אַכטאונצוואַנציג יאָר
ישעיה, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר צוואַנציג
אלימלך, אַ געלער יוד פון אַ יאָר פינעפאונ־דרייסיג, דעם רבס אַ גוטער פריינד

אַ רבניש שטיבעל, בעל־הבתיש איינגעריכט. אַ טיש און נייע בענקלעך. אַף דער געלער ערד ליגט אויסגעשפּרייט אַ דיוואַן. צווישען צווי פענסטער, וואָס געהן אַרויס אין גאַס, הענגט אַ קיילעכדיגער זייגער. לינקס איז אַ טיר צו דער גאַס. דאָס רבי׳ל זיצט אַף אַ בענקעל און דרייט זיך דאָס בערדעל. פאַר איהם איז אָפען אַ ספר, אין האַנד האַלט ער אַ באָקסער און קאַיט. סי עפענט זיך די טיר און סי קומען אַריין די דריי יורשים יוחנן, נתן און ישעיה.

**דאָס רבי׳ל:** וואָס ווילט איהר אַלע איינאיינעם?

**אַלע דריי** (אַף איינמאָל): מיר זענען געקומען זיך לאָדען.

**דאָס רבי׳ל:** מכּוח וואָס?

**אַלע דריי:** מכּוח דער ירושה פון אונזער טאַטען.

**דאָס רבי׳ל:** קענט איהר אַליין נישט דורכקומען?

אַלע: נײן, נײן, רבי. (זײ קװעטשען זיך בײם װאָרט „רבי").

דאָס רב׳ל: זעצט אײך.

(אַלע דרײ זעצען זיך).

דאָס רב׳ל: הײבּט אָן צו טענען.

אַלע דרײ: סי איז נישטאָ, װאָס צו טענען.

דאָס רב׳ל: עפּעס מוזט איהר דאָך האָבּען אַ סכסוך?

נתן (װײזענדיג אַף ישעיה׳ן): יאָ, רבי, איך און מײן בּרודער, אָט דער, זענען מיר פּראָסטע יונגען; אונזער למרן (װײזט אַף יוחנן) איז געקומען צו פאָרען און װיל פון אונז אַלץ אַװעקנעמען...

יוחנן (רוהיג): איך װיל נאָר האָבּען, װאָס סי קומט מיר על־פּי־התורה.

דאָס רב׳ל: װאָס װילט איהר האָבּען?

יוחנן: איך װיל צװײ חלקים פון דער ירושה, װײל איך בּין דער בּכור.

נתן (צו יוחנן): דו האָסט אָבּער געקאָסט דעם טאַטען מער, װי מיר בּײדע.

יוחנן: אַז דער טאַטע, עליו־השלום, װאָלט געװען געהאַט שפּעטער געלד, װאָלט איהר איהם אויך געקאָסט.

נתן: װאָס האָבּען מיר פון דעם, װאָס סי װאָלט געװען? איך װײס, אַז איך האָבּ געמוזט גהן אַרבּעטען, און שעיה איז געװען אַ רינסט אין קיך, אַז די מאַמע איז געשטאָרבּען.

דאָס רב׳ל: װען איז אײער מאַמע געשטאָרבּען?

יוחנן (צום רב׳ל): האָט קיין פאַריבעל נישט; וואָס האָט דאָס פאַר אַ שייכות צו וויסען, ווען אונזער מאַמע איז געשטאָרבען צו אונזער דין־תּורה מכּוח דער ירושה?

נתן (צו יוחננען): דו ווילסט נאָך דעם רב אויך לערנען?

יוחנן (אין כּעס): מיין נישט, אַז איך בין דו...

ישעיה (העלפענדיג נתנען): יוחנן, איך גיב דיר אַ עצה צו זיין רוהיג, וואָרום פון אונז בּיידע קענסט דו קריגען תּיכּף דיין חלק ירושה דאָ אַף דער שטעל.

יוחנן (צום רב׳ל): זייט אַ עדות, אַז זיי זענען עזות־און־מחוצף־פּנימער אַקעגען אַן׳עלטערן בּרודער.

נתן: אַ קונץ איז צו זיין אַן׳עלטערער בּרודער! אַז דער טאַטע וואָלט מיך געוועזען געהאַט פריער, וואָלט איך געוועזען דער בּכור. כּי איז דאָ, וואָס זיך איבּערצונעמען מיט אַזאַ זאַך.

יוחנן (צום רב׳ל): איהר הערט דיבּורים?

דאָס רב׳ל: קריגט אייך נישט, קינדער. (בּיים וואָרט „קינדער׳ טוט ישעיה אַ צופּ נתנען) זייט בּעסער רוהיג און זאָגט אייערע טענות.

נתן: איך האָב נישט וואָס צו טענען, איך וויל, אַז אַלע דריי זאָלען בּאַקומען גלייכע חלקים, איינער נישט מער, ווי דער אַנדערער.

יוחנן: מאַלע, וואָס דו ווילסט.

נתן: פאַרקערט, לאָז דעם רב זאָגען, צי איך בּין נישט גערעכט.

יוחנן: איך וויים שוין, וואָס דער רב וועט זאָגען.

דאָס רב׳ל (אַבּיסעל אין כּעס): אַז איהר ווייסט שוין, זעצט־זשע אייך אַנידער אַף מיין שטול און זייט איהר דער רב.

נתן (צופּט ישעיה׳ן): זעהסטו? (צום רב׳ל): איך זאָג אייך, רבי, צו האָבען אַ ברודער אַ בן־תּורה איז אַנ׳אומגליק. וואָלט ער געווען אַ פּראָסטער, ווי מיר, וואָלטען מיר זיך אויסגעגליכען מיט גוטען, און וואָלטען פאַרשפּאָרט צו קומען צו אייך.

יוחנן: שווייג, וואָרום אַז נישט ועל איך דערציילען דעם רבין.

נתן (מיט כּעס): וואָס ועסטו דערציילען?

יוחנן: ציה מיך נישט בּיי דער צונג.

נתן: פאַר דיר האָב איך טאַקי אַוואַי מורא.

ראָס רב׳ל: קריגט אייך נישט, בּרידער דאַרפען זיך נישט קריגען.

ישעיה: אַ שיינער ברודער!

יוחנן (שפּרינגט אויף).

נתן (נעמט איהם אָן בּיים אַקסעל און זעצט איהם צוריק אַנידער אַפ׳ן בּענקעל): און היט דיך איהם צו זאָגען אַ וואָרט.

יוחנן (מורא־האָבּענדיג): פאַר ועמען זאָל איך מיך היטען?

נתן: פאַר אונז.

יוחנן: איך הער אייך, ווי המן הערט גרעגער.

נתן: דאָס וועלען מיר שוין זעהן.

ראָס רב׳ל: אַז איהר טוט אָפּ בּיי מיר אין שטוב אַזוינע מעשים, בּין איך אייך מוחל די גאַנצע דין־תּורה.

יוחנן: איר ועגט אָבּער בּיי אונז געוואָרען רב און איהר מווט די שקצים ווייזען, אַז פאַר אייך מוז מען האָבּען דרך־ארץ...

נתן: פאַר׳ן רב האָבען מיר דרך־ארץ, אָבער נישט פאַר דיר.

יוחנן: שווייגעץ איינער, איך בין עלטער פון דיר.

נתן: ראָס האָסטו שוין טויזענד מאָל געזאָגט.

ישעיה (צו נתנען): ווייסטו וואָס, לאָמיר זיך גאָר אופהייבען און געהן אַהיים. מיט איהם וועלען מיר קיינמאָל קיין עק נישט דערגעהן.

יוחנן: סמאַרק.

ישעיה (חאַפּט איהם ביי דער באָרד): איך וועל דיר ווייזען, וואָס הייסט סמאַרק.

(סי עפענט זיך די טיר און סי קומט אַריין אלימלך, אַ קלוגעטשקער יונג, אָנגעטאָן ווי אַ קבצן).

אלימלך: שאַט, שאַט, וואָס קריגט איהר אייך? (ער צענעמט זיי). זעצט אייך אַנידער.

יוחנן (צום רב׳ל): איהר זענט קיין רב נישט.

אלימלך (צו יוחנען): איהר נעמט אייך צופיל איבער מיט אייער ביסעל תּורה. זענט איהר געקומען צום רב זיך לאַרען, מוזט איהר ווייסען, אַז איהר זענט ביים רב און נישט ביי זיך אינדערהיים.

ישעיה און נתן (חאַפּען זיך אָן): יאָ, אלימלך? איהר זענט גערעכט.

אלימלך: זאָגט־זשע מיר, אין וואָס באַשטעהט אייער לאַרענען, לאָמיך אויך ווייסען.

אַלע דריי (אינאיינעם): וואָס הייסט אין וואָס, מכּוח דער ירושה פון אונזער טאַטען.

אלימלך (לאַכט).

יוחנן: איהר לאַכט און מיר שטעכט עס.

אלימלך: מאַכט אייך נישט נאַריש. זינט דרייצען יאָר איז זייער טאַטע געווען אין שכנות, מי זאָל נישט זינ־ריגען מיט די רעד, וואָס ער האָט געהאַט, האָט ער פאַרזוּצט בחייו.

נתן און ישעיה (הינטער): סי איז טאַקי אַזוי, סי איז גאָרנישט געבליבען.

יוחנן (הויך): סי איז שוין דאָ, וואָס צו ירשענען.

נתן און ישעיה: וואָס איז דאָ?

יוחנן: אַ קישען און אַ קאָלדרע, און אַ טיש מיט אַ הענגלייכטער, מיט טעפלעך און העק און געצייג.

נתן: דעם הענגלייכטער מיט׳ן געצייג האָט מען פאַר־קויפט אַף רפואות.

יוחנן: דאָס האָט איהר ביידע צוגענומען נאָך איידער איך בין געקומען.

נתן: דו ביסט אונז חושד אין אַזאַ זאַך. מיר קענען שווערען, אַז דו האָסט צוגענומען דאָס חנוכּה־לעמפּעל, בשעת דו ביסט געווען דעם לעצטען סוכּות ביי אונז.

יוחנן: איהר הערט, רבי, ווי זיי זענען מיר חושד?

נתן: און דו מעגסט אונז חושד זיין?

אלימלך (מישט זיך אַריין): וועגען דעם, וואָס סי איז נישטאָ, איז נישטאָ וואָס זיך צו קריגען; און דאָס, וואָס איז יאָ דאָ, איז, דאַכט זיך, נישט פיל ווערט.

נתן: ווערט איז דאָס נישט אַ זעקסער, מי זאָל נישט זינ־ריגען מיט די רעד. איך מיאוס זיך פאַר דעם קישען מיט דער קאָלדרע, וואָס דער טאַטע איז אַף זיי געלעגען

קראַנקערהייט. אָבער ווער האָט געגעבען קבורה־געלד? מיר! מוז ער (ווייזט אַף יוחנן) גאַנץ גוט באַצאָלען זיין חלק. (גיט זיך אַ פּאַטש אין קאָפּ אַריין) וואו איז מיין שכל? ער איז דאָך דער בכור, מוז ער דאָך געבען צוויי חלקים.

יוחנן (אין כעס): ביסט אַ גוטער למדן.

ראָם רב'ל: געהט אייך געזונטערהייט, איך בין אייך מוחל אייער דין־תורה.

נתן: אָבער פאַרוואָס האָבען מיר אייך געדולט דעם קאָפּ אומזיסט?

אלימלך: איהר מוזט טאַקי געבען דעם רב פּסק־געלד.

נתן און ישעיה: פון אַזוינע ירושות טראָגט נישט אַף קיין פּסק־געלד.

זיי געהן אָב איינער נאָכ'ן אַנדערן; הינטער דער טיר הערט מען נאָך ווי זיי קריגען זיך.



# אַ נאָכמיטאָג בײַם רב אין שטוב

אַ בילד

*דער פֿאָדערשטער חדר בײַם טאַראָוועצער רב. אַ נידעריגע סטעליע. צוויי קליינע פֿענסטערלעך גײען אַרויס אַפֿ'ן שמאָלען גאַס. לעבען אַנ'אַלט באַנקבעטעל שטעהט אַ לענגליכער קײַליכדיגער טיש. אויבענאָן אַף אַנ'אַלטען שטול אונטערגעשפּאַרט מיט אַ קישען זיצט דער ר ב, אַ קליין ייִדעל מיט אַ שפּיציג גראָ בערדעל. ער האַלט די האַנד אָנגעשפּאַרט אַפֿ'ן טיש און קוקט אַרײַן אין אַ משניות. אַ הויכער י ו ד מיט גרויסע שטיוועל אין אַ לאַנגען ריבסענעם חאַלאַט מיט אַ פֿאַרגרינט פּליישען היטעל, שטעהט בײַם אַנדער עק טיש און טענעט.*

ד ע ר ר ב (הייבט נישט אויף די אויגען פֿונ'ם ספר): איך האָב דאָך דיר געזאָגט, חיים, איך טאָר דיך אַליין נישט אויסהערן.

ד ע ר י ו ד: רבי לעב, ער קוילעט מיך, ער איז מיר משיג־גבול.

ד ע ר ר ב (מיט כעס): איך טאָר נישט הערען איין בעל־דין אָהן דעם אַנדערן. קום אינאיינעם מיט איהם און האָט אַ דין־תּורה.

ד ע ר י ו ד: אַז דער הולטאַי וויל גאָרנישט געהן צווישען יודען און וויל נאָר אָנגעבען אין סוד.

ד ע ר ר ב (הייבט אויף דעם קאָפּ): איך וועל איהם שיקען רופֿען.

ד ע ר י ו ד: ער וועט אייך נישט הערען, דאָס איז אַ כּלב־שבכּלבים.

ד ע ר ר ב (רופֿט): יאַנקעל, יאַנקעל, וואו איז ער? (ס'קומט קיינער נישט). וואו איז יאַנקעל? זאָל ער געהן נאָכ'ן

שמש (מי הערט דער רביצינס קול): יאַנקלען האָב איך געשיקט צו פּייסין אין קלייט נאָך צוקער.

דער יוד: וועל איך אייך אַליין געהן רופען שואלן.

דער רב: אַז דו ווילסט, געה.

דער יוד (געהט אַרויס דורך דער טיר, וואָס עפענט זיך אין דרויסען. די טיר וויל זיך נישט צומאַכען, אַ ווינטעל בלאָזט. די רביצין, אַ גראָבע מיאוסע יורענע אין אַ טשיפּעקעל, קומט אַף דער שוועל פון קיך אין חדר און קוקט אַריין): שלמה, איז ער שוין אַוועק?

דער רב: יאָ.

די רביצין: טאָמער האָסט דו נאָך צוואַנציג קאָפּיקעס.

דער רב (קראַצט זיך): איך האָב נישט.

די רביצין: אַ כפּרה'ניק איז ראָ געוועןאון וויל צע־האַקען ראָס האָלץ, ער וויל אָבער פערציג קאָפּיקעס אַ טאָג.

(די טיר פון דרויסען עפענט זיך און דער יוד קומט אַריין).

דער יוד: ער וועט באַלד קומען.

דער רב: זעץ זיך דערווייל.

די רביצין: אַ, חיים.

דער יוד (קרעכצט): יאָ, מי בירעוועט.

די רביצין: וואָס איז אייך?

דער יוד: אַ דין־תּורה האָב איך מיט שמואלן; ער האָט מיך באַראַבעוועט און וויל מיך אויסטון פון העמר.

די רביצין: יאָ, יאָ, חיים, מי מוז נאָך אויסהערן יענעמס צר...

דער יור (שפרינגט אויף): וואָס זאָגט איהר, רביצין! דאָס איז אַ ראַזבאָיניק, ווי איהר זעהט מיך לעבען, איך זאָל אַזוי גערעכט זיין פאַר גאָט, ווי איך בין גערעכט.

(די טיר פון דרויסען עפענט זיך אויף, און שואל דער שמש, אַנ׳אַלטער, שוואַרצער יור פון אַ יאָר זעכציג, קומט אַריין הוסטענדיג): קכי, קכי (ער שנייצט אויס די נאָז): רבי, וואָס לאָזט איהר מיך נישט שלאָפען. איך וואָלט מיך אַביסעל אָבגערוהט, איך הוסט שוין זייט דריי טעג און דער קאַטער... האָט איהר געהערט, ביי ראובן זיסים איז היינט געפגרט די ציג. אַ רחמנות. שרה־רבקה איז געלעגען געוואָרען און האָט געהאַט אַ יונגעל, דאָס אַכטע. אין בית־מדרש האָט מען היינטיגע נאַכט געגנבעט האָלץ. איך מוז מיר אָבעסען דאָס האַרץ מיט׳ן גבאַי, ער זאָל קויפען אַ שלאָס.

דער רב (גוטברידערליך): לאָז די מעשיות, שואל. געה אַריבער צו שמואלן און זאָג: איך לאָז איהם רופען, ער זאָל באַלד קומען צוגעהן.

דער שמש (קוקט אַף חיימען): איך פאַרשטעה שוין, — אַ לאָרענעש. ביי ווען האָב איך דעם זעקסער? מוז איך מיר אָבגעהן די פיס אומזיסט? (ער פאַרהוסט זיך): קכי, קכי, קכי.

דער רב: געה שוין. אונטערוועגנס קויף מיר ביי פייסין אַנ׳אַכטעל טיטון, סערעדניע.

דער שמש: גיט אַהער געלד.

דער רב: נעם אַף באָרג.

די רביצין (ווינקט צום רב).

דער רב (געהט צו צו איהר).

ד י ר ב י צ י ן (שטילערהייט): שיק נישט נעמען אַף באָרג. ער האָט קיין חשק נישט. מיר זענען איהם שולדיג ניין קערבּלעך.

ד ע ר ר ב (הייבּט אָן צו קראַצען אין קעשענע און געפינט אַנ'אָבּגעריבּענעם דרייער. שואל איז דערווייל אַוועקגע־גאַנגען. סי קומט אַריין אַ געזונטע שיקסע אין אַ רויט קליידעל מיט אַ אויסגענעהט העמד): ראַוואַי דרישטשי נאַ שעסט קאָפּיעק. (די רביצין געהט צו צו דער שאַפע און וועגט אָב אַ לויט הייוועז).

ד ע ר ר ב: וויפיל האָסט דו געלייזט, רבקה?

די ר ב י צ י ן: זעקס קאָפּיקעס.

ד ע ר ר ב: השגחה!

(אַ י ו נ ג ו ו י י ב ע ל, אַ שעמעריגע עפענט אוף די טיר).

ד י ר ב י צ י ן: שלמה, אַ שאלה.

ד ע ר ר ב: קומט אַהער.

ד אָ ס ו ו י י ב ע ל (געהט פּאַמעלעך צו צום טיש און נעמט אַרויס פון האַנטאַך אַ מאָגערע הון): איך האָב זי גענומען כשר־מאַכען, האָב איך נישט געפונען די גאַל.

ד ע ר ר ב (שטעקט אַריין די האַנד און נעמט אַרויס די לעבּער און לעקט זי): סי איז ביטער — סי איז כשר.

ד אָ ס ו ו י י ב ע ל (שטעהט): איך וואָלט אייך געוואָלט פרעגען. איך האָב אַ דיישקע, וואָס איך באַניץ זי נאָר צו וואַסער און שטעהן שטעהט זי אין קאַמער, נישט אין קיך, אַצינד וויל איך אין איהר שטעלען פּסחדיגען באָרשטש.

ד ע ר ר ב: מי מעג, אָבּער מי מוז זי כשרן.

ד אָ ס ו ו י י ב ע ל: נעכטען האָב איך געהאַט די האַנד אין מעל, האָב איך גענומען די קוואָרט און האָב אָנגענומען וואַסער.

דער רב: איך האָב אייך געזאָגט, כשרט זי.

דאָס ווייבעל (נישט צופרידען): ווייס איך, איך האָב געמיינט, קויפען בעסער אַ נייע ריישקע, אָבער אַז מי מעג... (זי נעמט די הון פונ׳ם טיש, וויקעלט זי איין און געהט אַוועק).

דער רב (צו דער רביצין): ווער איז זי?

דער יוד: שמעונס שנור.

דער רב: אַ מחמירטע.

דער יוד: יאָ, דער מאַן איז אַ גנב.

דער רב: דו רעדסט מיר צו שטאַרק אַף יודען.

דער יוד: אַלע זענען זיי גנבים, די שמעונס.

דער רב (געהט צו צום פענסטער און קוקט): שואל איז נאָך נישטאָ, אַז מי שיקט איהם אַוועק, קען מען זיך נישט דערוואַרטען. רבקה, (ער קערט זיך צו צו דער רביצין) זעה נאָך, אין שופלאָד האָב איך אַביסעל טיטון.

דער יוד (נעמט אַרויס אַ ציגאַר טיטון): נאַט אייך, רבי, סי איז גוטער.

דער רב: דו ווילסט מיר געבען שוחד? איך וועל שוין וואַרטען אַף שואלן.

יאַנקעל (קומט אַריין, אַנ׳אויסגעשמירט, באָרוועס יונגעל פון אַ יאָר ניין מיט אַ צעריסען היטעל): באָבע, איך בין געפאַלען און האָב אויסגעשיט דעם צוקער.

דער רב (ווערט רויט פאַר כעס).

די רביצין (נעמט איהם אָן ביי דער האַנד און פירט איהם אַוועק אין קיך אַריין)...

דער שמש (קומט): וואָס איז בײַ אײַך פאַר אַ הונט בײַ דער טיר? אָ ראָ האָט איהר דעם טיטון. פּייסי האָט זיך אַפילו אַביסעל געקרימט... שמואלן האָב איך נישט געפונען אינדערהיים. האָב איך געזאָגט זײַן ווײַב. (ער הוסט). אַ ווינט איז דאָס! צו נחום קאָניאַנסקי איז געקומען צופאָרען אַ פריץ.

דער יוד (חאַפּט זיך אוף).

דער רב: וואוהין געהסטו, חיים?

דער יוד: איך וועל באַלד קומען. (געהט אַוועק).

דער שמש (אַז חיים איז אַוועקגעגאַנגען): רבי, סי פּוסטע זאַכען, זײַ וועלען זיך קײנמאָל נישט לאָרען, איהר האָט געזעהן?

דער רב: וואָס?

דער שמש: ווי ער האָט זיך אופגעחאַפּט, אַז איך האָב געזאָגט וועגען פריץ.

דער רב: אַ יוד וויל נעבעך פאַרדינען.

דער שמש: אַ שײַנער נעבעך, אַף מיר געזאָגט געוואָרען. ווי ער זיצט דאָ, וואָלט איהר קײן צוויי גראָשען פאַר איהם נישט געגעבען, אָבער איהר זאָלט איהם געדאַרפט זעהן אין אַ מעקלערײַ.

דער רב: שמואל פארנעמט זיך דאָך אויך מיט מעקלערײַ.

דער שמש: אַוודאַי, און דערפאַר טאַקי רײַסען זײַ זיך אַרום.

דער רב (זעצט זיך ווידער צום משניות און הײבט אָן אַרײַנצוקוקען).

דער רב: וואָס שטעהסט דו, שואל?

דער שמש: ווער וועט מיר באַצאָלען פאַר'ן גאַנג?

דער רב (מאַכט אַ הלצה'לע): האָב דו מיט חיימען אַ דין־תּורה.

דער שמש: אייך איז גוט צו לאַכען. פונוואַנען זאָל איך לעבען?

דער רב: הייבסט שוין ווידער אָן. (זוכט אין קעשענע. נעמט אַרויס דעם דרייער): נאַ, האָסטו.

דער שמש (טאַפּט ראָס געלד. צו זיך): אַ דרייער. (ער געהט).

דער רב (זעצט זיך ווי'דער, מישט צוריק די בלעטלעך און הייבט אָן צו לערנען): מאימתי־קורין־את־שמע־בערבית (צו זיך): מי איז מיך מבטל פון דער תּורה...



# די קניה

א סצענע

## פערזאָנען:

שמואל־יאָקעלס, א בעל־הבית
פערעל, זיין ווייב
יונתן, א מעקלער
יואל, אַנ׳אָבגעקומענער מעקלער

סי איז אין אַ קליין שטעטעל, אַ זומערטאָג נאָכמיטאָג. דער פּאָדאַשעק פון אַ קליין קעלערשטוב. אינמיטען אַ טיר. פון איין זייט צוויי פענסטער און פון דער אַנ־דערער זייט איין פענסטער. די פענסטער זענען פאַרהאַנגען פון אינעווייניג מיט דינע פאָרהענגלעך. ביי די צוויי פענסטער שטעהט אַ הילצערנע באַנק. אַפ׳ן פּאָדאַשעק שטעהט שמואל־יאָקעלס, דער בעל־הבית פון דער שטוב, אַ געלער יוד, אַ בעל־בשר. ער האַלט די הענד אין די קעשענעס פון די הויזען און קוקט אין גאַס אַריין. לינקס פאַר׳ן פּאָדאַשעק שטעהט אַ ווייסע טעליצע און עסט פון אַ צעבער גאַסע קלייען. סי קומט צו יונתן דער מעקלער און האַלט אַ צוזאַמענגעוויקעלטען בויגען פּאַפּיר אין האַנד. ער קוקט שטאַרק אף דער טעליצע...

**יונתן** (צו שמואלן): וואָס איז ביי אייך פאַר אַ רויך פון קוימען?

**שמואל**: מיין ווייב פרעגעלט פּאָווידלע.

**יונתן**: איהר שטעהט אייך, ווי אויב איהר וואָלט שוין אויסגעגעבען אייערע קינדער אין פריידען.

**שמואל**: און איהר גערט אַרום אייביג פּאַרטאָן און האַלט אין די הענד אַ ליידיגען בויגען פּאַפּיר.

**יונתן**: פונוואַנען ווייסט איהר, אַז ער איז ליידיג?

**יונתן** (קוקענדיג אַף דער טעליצע): זאָגט מיר נאָר, וואָס שטעהט ביי אייך די טעליצע אינמיטען טאָג און עסט?

שמואל (לאַכענדיג): כּדי איהר זאָלט פרעגען.

יונתן: קאַטאָוועס אָן אַ זייט.

שמואל: ווער טרייבּט קאַטאָוועס?

יונתן: וואָס ווילט איהר פאַר דער טעליצע?

שמואל: פון ווען אָן זענט איהר דאָס געוואָרען אַ קונה פון טעליצעס?

יונתן: אַז אַ ייד פרעגט אייך, זאָלט איהר איהם ענטפערן.

שמואל: וואָס האָט איהר רען געפרעגט?

יונתן: איך זעה, איהר מאַכט אייך תּמעוואַטע. איהר ווילט נישט זאָגען, איז נישט.

שמואל: אַוודאַי וויל איך נישט.

יונתן: וואָס־זשע רען האָט איהר געשיקט אייער יונגעל נאָך מיר?

שמואל: האָבּ איך איהם רען געשיקט?

יונתן: ריקט אייך אַרויס מיט די דיבּורים. וואָס האָט איהר געשיקט נאָך מיר?

שמואל: איך האָבּ צייט, אָבּער אַז איהר ווילט, געהט אייך.

יונתן: ווייסט איהר וואָס, רופט אַרויס אייער ווייבּ מיט פערלען קען מען בּעסער שמועסען.

שמואל: איהר האָט אַ ווייבּערשע נשמה.

יונתן: איך האָבּ פיינט פוסטע רעד. זאָגט איהר, צי אייער ווייבּ, וואָס איהר ווילט פאַר דער טעליצע?

שמואל: פאַרוואָס זאָל איך זי פּלוצלינג פאַרקויפען?

יונתן: מסתמא ווייסט איהר, פאַרוואָס איהר ווילט זי פאַרקויפען.

שמואל: ווי איהר קוקט מיך אָן, איך ווייס פון גאָרנישט.

יונתן: רופט אַרויס אייער פּלוניתטע.

שמואל: געהט און רופט זי, אַז איהר ווילט.

יונתן (געהט אַרויף אַפ'ן פּאָראַשעק, נעמט אָן די קלאַמקע און וויל עפענען די טיר).

שמואל (האַלט איהם צו און לאָזט איהם נישט): וואַרט, טאָמער וואָלט איך געקענט וויסען, ווער איז דער קונה.

יונתן: וואָס איז אייך דער חילוק ווער סי איז. איך קויף ביי אייך די טעליצע און ביי מיר האָט איהר דאָס געלד.

שמואל: געלד איז נאָך וועניג.

יונתן: אָבער וויפיל ווילט איהר פאַר איהר, זאָגט שוין אַרויס?

שמואל: וויפיל איך וויל?

יונתן: יאָ. וויפיל.

שמואל: זעצט אייך אַנידער, מיר וועלען שמועסען.

יונתן: איהר האָט אַפּנים נאָך קיינמאָל אין אייער לעבען נישט פאַרקויפט קיין טעליצע.

שמואל: און ווער זאָגט אייך, אַז היינט וויל איך יאָ פאַרקויפען?

יונתן: זאָגט, וויפיל ווילט איהר פאַר איהר? לאָמיך דערגעהן אַנ'עק.

שמואל: איהר זענט מיר צו היציג.

יונתן: לאָזט מיך געהן!

שמואל: געהט, ווער לאָזט אייך נישט.

יונתן: איך וויל דאָך אָבער קויפען די טעליצע.

שמואל: און איך האָב צייט.

יונתן: פאַרוואָס ציהט איהר מיר די נשמה?

שמואל: זעצט אייך אַנידער.

יונתן: (זעצט זיך).

שמואל: זאָגט מיר דעם אמת, פאַר וועמען ווילט איהר קויפען די טעליצע?

יונתן: וואָס איז אייך די נפקאָ־מינה?

שמואל: אַוודאַי איז מיר אַ נפקאָ־מינה. איך וויל וויסען, בּיי וועמען מיין טעליצע וועט אָנשפּאַרען.

יונתן: סי איז בּיי איך, ווי אויב איהר טוט אַ שידוך מיט אַ קינד.

שמואל: זאָגט מיר, אַ שטייגער, וויפיל ווילט איהר פאַרדינען אָן דער טעליצע?

יונתן: אַ שטוב וועל איך מיר נישט קויפען פון דער מעקלעריי.

שמואל: וועט יענער געבּען זיבּעציג קערבּלעך?

יונתן (טוט אַ שפּרונג): פאַרוואָס טאַקי ניט אַכציג, צי הונדערט!

שמואל: וואָס מיינט איהר, אַז איך גיב זי אָב פאַר זיבּעציג? בּין איך דען אַראָבּ פון זינען?...

יונתן: און יענער וועט זיין בּיים זינען, אַז ער וועט אַרויסנעמען זיבּעציג קערבּלעך און אייך געבּען?

שמואל: קיינער איז נישט גענייט. פאַר מיין טעליצע וועל איך שוין בּאַקומען מיין געלד.

יונתן: אָבער נאָר נישט זיבעציג קערבלעך.

שמואל: מיר װעלן זעהן.

יונתן: דאָס װעל איך נישט זעהן און איהר װעט עס אויך נישט זעהן. מאַכט זיך נישט נאַריש און זאָגט באמת, װיפיל װילט איהר פאַר דער טעליצע.

שמואל: איך האָב אייך געזאָגט, זיבעציג קערבלעך, נישט װעניגער אַ גראָשען.

יונתן: איהר װעט זיך נאָך לאָזען בעטען...

שמואל: זיבעציג קערבלעך; זיבען אָבגעציילטע צע־נערלעך.

יונתן: אויב אַזוי, מוז איך געהן. איך זעה, סי װעט פונ׳ם גאַנצען עסק גאָרנישט װערן.

שמואל: װיפיל רען, מיינט אִיהר?

יונתן: לאָזט פריער אַראָב, און דערנאָך װעל איך זאָגען.

שמואל: איך לאָז נישט אַראָב פון דעם, װאָס איך האָב געזאָגט, אַ גראָשען, דאָס װייסט איהר גוט.

יונתן: איך גיב אייך פערציג, מזומנע.

שמואל: אַז איהר װאָלט נישט געװען עלטער פון מיר, װאָלט איך אייך גענומען אַ שפּיי טון אין פּנים אַריין.

יונתן: איך בין אַ סך לייטישער פון אייך, איך האָב אייך נישט געשפּיגען אין פּנים אַריין, אַז איהר האָט גע־זאָגט זיבעציג.

שמואל: װיפיל רען האָב איך געװאָלט זאָגען?

יונתן: איהר װייסט אַליין, אַז פאַר זיבעציג רובל קען מען שוין, אַז מי װיל, קויפען צװיי טעליצעס.

שמואל: אדרבה, נאָט אייך זיבעציג קערבלעך און גיט מיר צוויי טעליצעס.

יונתן: גוט, גיט אַהער די האַנד (שטרעקט אויס די האַנד).

שמואל: אַ חכם זייט איהר, אָבער וואָס פאַר טעליצעס!

(די טיר פון שטוב עפענט זיך, און סי קומט אַרויס פּערל, אַ פאַרשמירטע יודענע, מיט׳ן טשיפּעקעל אַפּ׳ן קאָפּ, די הענד זענען טונקעל־רויט פון פלוימען).

פּערל (צו יונתן): וואָס טוט איהר דאָ, יונתן?

יונתן: גוט, וואָס איהר זענט געקומען; איהר זענט אַ סך קליגער, ווי אייער מאַן.

שמואל (צו פּערלען): טרעף, וואָס יונתן וויל? ער וויל אונז אַוועקנעמען אונזער טעליצע.

פּערל: אַי, יונתן.

יונתן: זאָגט אַליין, אייער מאַן מוטשעט מיך דאָ שוין אַ שעה נאָכאַנאַנד און איך זעה ניט אַרויס קיין לאַר.

פּערל: קומט אַריין אין שטוב; צו וואָס זאָלען מיר שטעהן דאָ און רעדען?

שמואל: ניין, איך וויל קוקען, טאָמער קומט נאָך אַ קונה.

יונתן: האָט נישט קיין מורא, אַזוי גיך יאַוועט זיך נישט אַ בעלן.

פּערל (צו יונתנען): וויפיל בעט רען שמואל ביי אייך פאַר דער טעליצע?

יונתן: זיבעציג קערבלעך, אַ רציחה!

פּערל: און איך גיב זי נישט אָב פאַר זיבעציג.

יונתן: ווילט איהר נאָך זיין ערגער ווי אייער מאַן?

פּערל: לויפּט מיך נישט אין די אויגען; איך קען מיך נאָך איבערנעמען.

(מי הערט פון דער שטוב אַ געשריי פון אַ קינד. פּערל לויפט אַריין אין 'שטוב).

(סי קומט אָן יואל, דער אָבגעקומענער מעקלער, אַנ־אָרימער יוד מיט אַ לאַנגער באָרד).

יואל: וואָס איז? וואָס טוט זיך דאָ?

שמואל (מיט אַ שמייכעל): מיר האָבען אַף אייך געוואַרט. —

יואל: אַרויס מיט'ן לשון, דערציילט.

שמואל: יונתן האָט אַ יונגעל און איך אַ מיידעל, און ער איז אַליין דער שדכן, און ער וויל, מיר זאָלען זיך משרך זיין.

יונתן: טרייבט נישט קיין קאַטאָוועס. (צו יואלן): זאָגט, אַף אייער יושר: וויפיל איז ווערט די טעליצע, וואָס שטעהט אָט דאָ?

יואל (זיך קראַצענדיג): וואָס הייסט וויפיל? סי איז אַ חילוק, צי איך קויף זי, צי איך פאַרקויף זי.

יונתן: חכם איינער, אָבער אַ טעליצע מוז דאָך האָבען סתם אַ ווערט.

יואל: אויב איך זאָל זאָגען דעם אמת, איז די טעליצע ווערט אַ פופציגער.

יונתן און שמואל (ביידע פאַראַמאָל אויסשיסענדיג): איהר קענט זיך נישט אַף טעליצעס.

יואל (צו יונתנען): איך וועל געהן, אָבער ווען איהר קויפט די טעליצע, האָב איך אַ חלק אין דער מעקלעריי.

יונתן: אַ מכה אין די ציין.

שמואל: קריגט אייך נישט, איך פאַרקויף זי שוין נישט אַצינד, פאַר כל־הון־דעלמא נישט.

יואל: אַז איהר ווילט, וועל איך מאַכען אַ פשרה. אום וויפיל דינגט איהר אייך?

יונתן: איך וועל שוין אַליין אויסקומען אָהן אייך.

יואל (צו שמואלן): זייט איהר אָבער אַ ערות, אַז איך בין אויך אַ קונה. (ער געהט).

יונתן (צו שמואלן): נו, וויפיל ווילט איהר פאַר דער טעליצע?

שמואל (רוהיג): זיבען צענערלעך.

יונתן: דאָס האָב איך שוין געהערט.

שמואל: טאָ ניט אַהער, וואָס איך וויל.

יונתן: איך גיב פינעפאונפערציג קערבלעך.

שמואל: איך לאָז אייך אַראָב אַ דרייערעל.

יונתן: און איך לעג נאָך צו אַ דרייערעל.

שמואל: גיט אַהער פונעפאונזעכציג.

יונתן: איהר מוטשעט אייך אומזיסט, איך גיב אייך אַ פופציגער און מאַכט אַ סוף.

שמואל: זעכציג קערבלעך, ווייניגער נישט אַ קאָפּיקע.

יונתן: איך שווער אייך, אַז איך האָב געזאָגט דאָס לעצטע וואָרט...

שמואל: און איך זאָל נישט דערלעבען אַריינצוגעהן אין שטוב, אויב איך נעם נײַנאונפופציג מיט נײַנאונײַנציג קאָפּיקעס.

יונתן: איז נישטאָ וואָס צו רעדען.

ש מ ו א ל: טאָ וואָס רולט איהר מיר אַ קאָפּ?

י ו נ ת ן: אַז איהר זייט אַ עקשן, ווער איז אייך שולדיג?

ש מ ו א ל: ווייסט איהר וואָס, קומט אַריין אין שטוב, וועט איהר טרינקען אַ גלאָז טיי.

י ו נ ת ן: איך בין אייך מוחל אייער טיי.

ש מ ו א ל: לאָמיר גאָר נישט רעדען פון דער טעליצע. לאָמיר שמועסען מכּוח עפּעס אַנדערש.

י ו נ ת ן: נעמט האַרגעלדר און לאָזט מיך געהן. איך מוז נאָך היינט פאַרנאַכט געבען תּשובה.

ש מ ו א ל: וועמען?

י ו נ ת ן: לעקישען.

ש מ ו א ל: איהר פאַרגעסט, ווער איך בין!

י ו נ ת ן: דאָס ווייס איך, בּיי אייך צו פאַרדינען פון מעקלעריי איז שווערער, ווי אופצוהייבען אַ באַרג.

ש מ ו א ל: איהר זייט מיר דער גוטער מעקלער.

י ו נ ת ן: צו וואָס האָט איהר געשיקט נאָך מיר און נישט נאָך יואלן?

ש מ ו א ל: וואָס מיינט איהר? איך מיט מ י י ן טעליצע האָב קיין ראגה נישט...

י ו נ ת ן: און אַ מזומנער קונה, וואָס וויל געבען פאַר אַ טעליצע אַ פופציגער, האָט אויך קיין ראגה נישט.

ש מ ו א ל: גיט אַהער פינעפאונפופציג קערבלעך, חאַפּט אייך דער רוח.

י ו נ ת ן: מילאָ, זאָל זיין אַזוי, נאַט אייך אַ צענערעל אַנ'אַררוף. — — —



# דער שידוך

א שמועס

רב לאָקש (צו רב פאַרפלען): איך מוז אַרויס פון די כלים...

רב פאַרפעל: שאַט, שאַט, וואָס זענט איהר פאַר אַ מיוחס?

רב לאָקש: סי איז אַ העזה פון אַ מענשען, מיין זון רעדען משולמס טאָכטער. איהר פאַרשטעהט מיך? איהר זענט בסך־הכל אַ גאָרנישט.

רב פאַרפעל: נישט זירלען זיך, מיין קינד; איך זאָג אייך, סי איז פאַר אייך אַ גליק, כ׳לעבען, איהר וועט מיך נאָך בעטען.

רב לאָקש: בעטען זאָל מען אייך צום רוח. אַז איהר וועט זיך דערוועגען נאָך אַמאָל צו קומען צו מיר מיט דעם ראָזיגען ענין, וועל איך אייך ווייזען די טיר.

רב פאַרפעל: וואָס־זשע זאָל איך טון, אַז איך בין פאָרט אַ שדכן און דער שכל זאָגט מיר, אַז דאָס איז ווי פאַר אייך געבוירען?

רב לאָקש: טראָגט אייך אָב, איהר ברענגט מיך אַרויס פון מיין הויט.

רב פאַרפעל: געהן וויל איך שוין, אָבער דער ענין איז טאַקי אַ ענין, לאָמיר זיך נישט נאַרען.

רבּ לאָקש (פון כּעס הייבּט אָן פּאַרפלען צו רוצען): פּאַרפעל, איך וועל דיך אַרויסוואַרפען, אָט דאָס וועט זיין דער סוף.

רבּ פּאַרפעל: וואָס זענט איהר אין כּעס, ווער נייט אייך רען? איך בּין מיר אַ יור און טו מיר מיינס; איהר ווילט נישט, איז נישט.

רבּ לאָקש: אַ העזה פון אַ מענשען.

רבּ פּאַרפעל: גיט אַהער דעם בּריוו.

רבּ לאָקש: וואָס פאַר אַ בּריוו?

רבּ פּאַרפעל: איך מיין דעם בּריוו, וואָס איך האָבּ אייך אָט דאָ געגעבּען.

רבּ לאָקש: אַ, דעם בּריוו פון משולמען מכּוח דעם גרן? דעם האָבּ איך צעריסען אַף פּיץ־פּיצלעך.

רבּ פּאַרפעל: גיט אַהער דעם בּריוו און מאַכט אייך נישט נאַריש, איהר ווילט דאָך דערפון גאָרנישט וויסען. בּיי מיר איז דאָס אַ סחורה, איז נישט לאָקש איז גרונם, צי בּוירעם, יגגלעך זענען דאָ בּיי יורען אַ סך בּרוך־השם.

רבּ לאָקש: צו וואָס־זשע טויג אייך דער בּריוו?

רבּ פּאַרפעל: אַ שׂכל פון אַ מענשען! דעם בּריוו וויל איך טאַקי ווייזען גרונמען, אַז איך וועל איהם פאָר־לעגען דעם שידוך.

רבּ לאָקש: וואָס געהט מיך אָן גרונם, זאָל ער בּרעכען דעם קאָפּ!

רבּ פּאַרפעל: דאָס איז מיין דאגה. זייט נישט פויל אַפּ'ן פּעלץ און גיט אַהער, זייט מוחל, דעם בּריוו.

רבּ לאָקש: איז בּיי אייך אַ רענדעל אַ מינוט? אַ מענש מוז זיך דאָך מישבּ זיין...

# ברויט*

## אַ בילד

הינטער דער טיר. מי הערט אימיצען חליפּען.

ער: שׂרה־לעב, וואָס־זשע וויינסטו? אַז גאָט וואָלט געוואָלט אונז העלפען, וואָלט ער דען נישט געקאָנט? מאָל דיר אויס, מיר האָבען יאָ ברויט, יאָ געלד, יאָ קאַרטאָפּל, יאָ שמאַלץ — זינדיג נישט. איז נישט דער מענש בסך־הכּל אַ בּשׂר־ודם? ווי שטעהט עס געשריבען: היום־כּאן, היינט זענען מיר דאָ, און מאָרגען זענען מיר דאָרט... זעהסטו, וואָס מיך האַרט אַף דער אמתן, איז די בּושה, נאָר די בּושה. איך שעם זיך פאַר מיר אליין, זיך אַרומצודרייען אַפּ׳ן מאַרק און קוקען איטליכען אין די אויגען אַריין, טאָמער גיט ער מיר עפּעס צו פאַרדינען... אַז מי דאַרף אָנקומען צו אַ מענשען, ער זאָל עפּענען דאָס טייסטערל און זאָל זאָגען: יחיאל, איך באָרג דיר פינעפאונדרייסיג קאָפּיקעס אַף שבּת, — וואָלט מען בעסער אויסגערונען געוואָרען אין דער מאַמעס בּויך. וואָס־זשע זאָל איך טון, אַז יענער איז אַ הונט און האָט פון אונז אַוועקגענומען דעם לעצטען ביסען? זאָל איך זיך מיט איהם נעמען לאָרען? אַז ער אַליין האָט אויך מכּות. דיין מאַמע איז געווען גערעכט, אַז זי פלעגט צו מיר זאָגען: יחיאל, פון דיר ועט נישט זיין קיין תּכלית. וואָס טויג דיר שותּפות? שותּפות איז נאָר גוט צו זיין מיט דעם אייגענעם ווייב. אָבער אַז דו וויינסט,

* איבערגעגעבען פונ׳ם לשון־קודשן.

וואָס־זשע זאָל איך טון? איך פרעג דיך: געהן שלאָגען זיך מיט גאָט, אַז יענער האָט אונז בּאַראַבּעוועט און האָט אַליין קרענק. קרענקען זאָל ער אין הקרש, גאָטעניו, אָבּער נקמה האָבּען אָן אַ מענשען טאָר מען ראָך אויך נישט. ווי שטעהט עס אין חומש: התחת־אלהים־אנוכי? גלייבּ מיר, שרה, סי איז נישטאָ קיין אמת אַף דער וועלט, אַז גאָט קען אונז אַזוי פאַרלאָזען. אָבּער מעג מען רען אַזוי זאָגען? טאָר מען ראָס? טאָר ראָס אַ מענש קוקען גאָט אין די קאָרטען אַריין און זיך נאָך פאַרזינריגען? ווין ראָך אָבּער נישט, איך ווער שיר משוגע.

דאָס הליפען ווערט שטאַרקער.

ע ר: און רו ווייגסט נאָך אַלין; אָבּער זאָג אַליין, וואָס ווילסטו זאָל איך טון? זאָל איך ווערען אַ מקבל, צי עפּענען אַ טאַיני שענק, צי זאָל איך שרייבּען רעם פעטער און מאַכען אַ רחמנות־פּנים אין בּריוו, אַז מיר געהען אויס ווי אַ ליכט... שרה, איך בּעט דיך, שווייג נישט, רעד ראָך אַ וואָרט, זיי נישט אַ עקשן. צי זעהסטו נישט, אַז איך ווער גראָ און אַלט? זעהסטו נישט, אַז איך האַלט זיך קוים אַף די פיס? קומסטו נאָך און ווייגסט און צערייסט מיר ראָס האַרץ.

זי ווייגט אַלץ.

ע ר: וואָס־זשע בּיסטו פאַר אַ מענש, שרה, איך פרעג דיך! רו זעצט זיך אַנידער און ווייגסט. האָבּען רען יורען נישט קיין גאָט? גלייבּ מיר, שרה, פאַרלוירען זענען מיר נאָך נישט. אַוודאַי, סי איז בּיטער און פינסטער, אַז מי געהט אַרום מיט לייריגע הענר און מי קען גאָרנישט טון. זאָל איך געהן אַרבּעטען טאָגאַרבּעט? איך ווייס אַליין נישט, וואָס אָנהייבּען צו טון; אַז איך הייבּ מיך אָן צו דערמאָנען, אַז סי קומט רער ווינטער און מיר האָבּען נישט אַפילו

וואָס צו פאַרזוצען. אונזערע חכמים זאָגען: יש־תקווה, ווייס איך, וואָס איז דאָס פאַר אַ וועלט. מענשען גייען אַרום און האָבען נישט וואָס צו עסען, נעחאַי וואָלט געוועזן עפּעס צו פאַרדינען. זשאַלעווע איך דען די כוחות? אָט דאָ נישט לאַנג האָב איך גערעדט מיט אברהמען, ער זאָל מיך נעמען אין מיל. האָט ער אַף מיך אַ קוק געטאָן מיט אַ פּאָר אויגען... איך זאָג דיר, דו קענסט נישט קיין מענשען — חיות, אמתע חיות! פון יושר שמועסט מען נישט, אָבער אַזוי, רחמנות האָבען, אַריינגעהן אין יענעמס לאַגע און זאָגען: יענער איז אויך אַ מענש און מוז אויך לעבען. איך זאָג דיר, ווען איך וואָלט נישט קיין מורא געהאַט פאַר גאָט, וואָלט איך געזאָגט: פּע, סי איז גאָרנישטאָ... חאָטשי לעג זיך אַנידער אינמיטען גאַס און שטאַרב... אַ וועלט איז דאָס מיט מענשען, סי נישט אויסצוהאַלטען פאַר ווייטאָג. (ער גיט אַ חליפה; רעדט ווייטער): אָט, זעהסטו אַז מי רעדט מיט אַ יורענע, ווערט מען אַליין אַ יורענע; וואָס־זשע איז דאָ צו וויינען? איך זאָג דיר, אַז נישט היינט, איז מאָרגען, גאָט מוז העלפען און וועט העלפען. איז שוין גאָר נישטאָ קיין שומר־ומציל? איז שוין גאָר נישטאָ קיין בעל־רחמים? פאַרשטעהסט, עפּעס זענען מיר דאָך מענשען און מי מוז גלייבען אין השגחה. ביסטו רעדן נישט אַ יוריש קינד און האָט רען דיין מאַמע דיך דאָס נישט געלערנט? איך פאַרשטעה נישט, וואָס איז מיט דיר, שרה: זעצט זיך אַנידער און וויינסט ווי ווען הימעל און ערד זענען אַף דיר געפאַלען און די זון וועט שוין קיינמאָל נישט לייכטען! מיר האָבען נישט פונוואַנען אַ טאָג איבערצוקומען, איך ווייס; אָבער רעם בטחון אַף גאָט דאַרף דער מענש נישט אָנווערען. אַ מענש מוז זיין שטאַרק און זיך נישט מיאש זיין. אַז איך בין געווען אַ יונגעל, האָב איך געהערט אַ מאמר: אַפילו־חרב

חרה־מונחת־על־צוארו־של־אדם — דאָס איבעריגע האָב איך שוין פאַרגעסען. דער עיקר איז אָבער, אַז ווען אַפילו אַ שאַרפער שווערד ליגט אַפ'ן האַלדז, קען נאָך איך קומען די ישועה. און מיינסט דו, אַז דעם כלל־ישראל איז גוט? עפּעס זענען נאָך היינט אויך דאָ אַ סך גזירות. דו פאַרשטעהסט, אַביסעל איז איטליכער יוד אַ פסוק פון דער גרויסער סדרה גלות. יאָ, ווען מיר וואָלטען געווען אין ארץ־ישראל! אָבער דאָרטען זענען ערשט די ריכטיגע קבצנים, וואָס זיי לעבען פון דעם, וואָס מיר וואַרפען אַריין אין פושקע. יאָ, איך זאָג דיר, גנה פאַרשטעהט גאָטס דרכים און וויאַזוי ער פירט די וועלט און וואָס ער מיינט זיך מיט אונז יודען און מיט איטליכען איינציגען. אַ גוי האָט נישט אַ טויזענד חלק פון די אַלע צרות, חאָטש ער איז אַ גוי; אונז האָט מען אַזוי פיל צוגעזאָגט, און מיר ווערען פאַרשוואַרצט און אויסגעריסען כל־ימינו. שרה, דער קאָפּ דרייט זיך מיר, אַז איך הייב זיך אָן צו דערמאָנען פון אילעמען און דערצו האָבען מיר שוין נישט קיין ברויט אין שטוב.

דאָס הליפּען געהט איצט איבער אין אַ קול און סי שיכט אויס מיטאַמאָל.

ער: שרה, דו הרגעסט מיך אַוועק מיט דיין וויינען — זיין קול הערט זיך העכער — איך בעט דיך, הער אויף, הער אויף. וואָס ווילסטו האָבען פון מיין לעבען, וואָס ווילסטו פון מיר. — (ער שרייט): הער אויף צו וויינען די מינוט, אַ ניט, נעם איך אַ מעסער און שנייד מיר איבער דעם האַלדז. ווער קען אויסהאַלטען מיט אייך, איהר קענט אייזען צעברעכען. וואָס איז אַזאַ געוויין אַף דיר? סי אונז שלעכט, זעהר שלעכט, אמת איז אמת, זאָל איך דעריבער מיך אַפ'ן אָרט באַגראָבען, צי זאָל איך מיך אַריינוואַרפען אין אַ

קרעניצע? רבונו־של־עולם — מי הערט איהם אַרומגעהן
אין חדר — וואָס האָסטו מיר געגעבען פאַר אַ ווייב? וואָס
האָסטו געוואָלט פון מיר? איך האַלט ראָס נישט אויס!
איך וועל לויפען און שרייען. שרה, הער אוף צו וויינען
אַף דער שטעל, וואָרום, אַניט... זעהסט רו, ווי זיו
האָסט מיך אַריינגעבראַכט אין כעס! בין איך רען געוועהנט
אַזוי צו דיר צו רערען? גאָט, וואָס האָסטו מיך געשטראָפט!

זי חליפּעט אַליין.

ע ר (צו איהר, שוין אַנדערש): זאָל איך זיך מיט דיר
אַנידערזעצען? פאַרקערט, טאָמער טראַכטען מיר אינאיינעם
אויס, וואָס צו טון, ראָס וויינען וועט ראָך נישט פירען צו
גאָרנישט. טאָמער זאָל איך פאָרט געהן אַפ׳ן מאַרק,
טאָמער קריג איך ערגעץ אַ צענערעל און דו עפּענסט
דיר אוף אַ קלייטעל. גלייב מיר, שרה, איך וויל דיר נישט
אויסרערען, אָבער טאָמער האָט גאָט פאָרט אַף אונז רחמנות.
וואָס ווילען מיר פון איהם? חאָטשי טרוקען ברויט; צען
גילרען אַ וואָך און דיר אַ לייבעל אַף ווינטער. קינרער
האָבען מיר נישט. אַליין אַף רער וועלט און קיין פּת־לחם
איז נישטא. די בושה אַליין, זיך מוטשען און מוטשען און
גאָרנישט האָבען, אַפילו אַ בהמה האָט איהר עסען, און
אַ מענש נישט, נישט...

ער שיסט אויס מיט אַ געוויין, און מי הערט זיי ביידע לאַנג חליפּען.



*

די בילדער ,אַראָב פון זינען׳ און ,יעקוב־נתן׳ דרוקען זיך איצט צום ערשטען מאָל. די אַנדערן בילדער און די סצענען און שפּילען זענען שוין געווען געדרוקט אין דער ערשטער אויסגאַבע פון די כּתבים (פאַרלאַג ליטעראַטור, וואַרשע תרע״ב), די בילדער אינ׳ם ערשטען באַנד, די סצענען אינ׳ם צווייטען באַנד.

---

